ד״ר נאַהאָן מיזשעריצקי

# שאַטנס

דערציילונגען



בוענאָס-איירעס

1951

געווידמעט מיין האַרצגעליבטער לעבנס־
באַגלייטערן בת־שבע.



געהייליקט דעם אָנדענק פֿון מיין פאָטער
מרדכי, פון מיין שוועער שמשון רעזניק און
געווידמעט, זיי צו לאַנגע יאָר, מיין מוטער
ברכה און שוויגער מלכה ק. דע רעזניק.

געהייליקט דעם אָנדענק פון מיינע ליבע
און טייערע קרובים, וואָס זענען אומגעקו־
מען אויף קידוש־השם אין מיין געבורט־
שטעטל.

# אינהאַלט:


שאַטנס — — — — — — — — — — — — — — 9

האָראָשקער — — — — — — — — — — — — — 19

ד"ר וולאַדימיר באַקאַראָף — — — — — — — — — — 39

דער געטויפטער — — — — — — — — — — — — 51

דער האָרבאַטער זייגערמאַכער — — — — — — — — 73

שלמהלע — — — — — — — — — — — — — — 79

אין יענעם ערב פסח — — — — — — — — — — — 89

בערל דער ליכט־ציער — — — — — — — — — — — 95

צווישן די בערג פון קאָרדאָבא — — — — — — — — — 107

קרובים — — — — — — — — — — — — — — 117

עקזאַמענס — — — — — — — — — — — — — — 137

נחמיה און די באַרמהאַרציקע — — — — — — — — — 149

# שאַטנס

— I —

אומגעריכט, ווי פון דעם פאַל, איז ער אויסגעוואקסן נעבן אונדזער טישל.

אַ הויכער מאַן, פון אַ יאָר פערציק. זיין שטאַרק־אָפּגעבליאַקעוועטער אנצוג איז אויף אים געהאָנגען. שטיל, אָן לשון, איז ער געשטאַנען: זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט צום טישל, זענען געווען האַלב־אָפן און ווי פאַרלוירן געקוקט אויף עפּעס וואָס זיי האָבן פאַרשיינלעך נישט געזען.

זיין פנים, שטייף פאַרגליווערט, האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי פון וואַקס אויסגעגאָסן. שלעכט געגאָלט, האָבן זיין באָרד און וואָנצעס אויסגעזען ערטערווייז פאַרפלעקט. דאָס היטל אויף זיין באוואקסענעם קאָפּ מיטן דאַשעק אויף אַ זייט, האָט צוגעגעבן זיין געשטאַלט אַ גייסטיק־קרענקלעכן אויסזען.

אויף דעם האַלדז, דורך אַ רימען, איז געהאנגען אַ גרויס קעסטל מיט מינדערוויכטיקע סחורה: ציגאַרעטן, שוועבעלעך, שאַכטלעך גאָל־מעסערלעך, האָר־נאָדלען און אַז. וו. אויף דעם ראַנד פון קעסטל האָבן פון אַ פּאָר צו ברייטע אַרבל אַרויסגעקוקט צוויי אויסגעטריקנטע הענט, וואָס האָבן אויף קיין מינוט נישט גערוט. עפּעס האָט מיט די צען פינגער געשליידערט. ווי לאַנגע דינע אויסגעטריקנטע קלעצלעך, האָבן זיי זיך געוואָרפן. דאָס זענען געווען די איינציקע אברים, וואָס האָבן זיך אין אים אַזוי משונהדיק באַוועגט. ווייטער האָט מען אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ ליימענעם גולם. שטיל איז ער געשטאַנען ביים טישל, נישט ווי אַ געווענלעכער גאַסן־הענדלער, וואָס באַט־אָן זיין סחורה, מ׳שטיינס געזאָגט. צי האָט ער בכלל פאַרמאָגט אַ לשון?

אַנטקעגן מיר, ביים טישל, איז געזעסן מיין פריינט, אַ יונגער דאָק־טאָר, וואָס איז שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם אומבאַקאַנטן ביים טישל.

— דו קענסט אים? איז מיר איינגעפאַלן אַ פרעג צו טון.

— שטאָלצמאַן! יאָ, פרידריך שטאָלצמאַן, הייסט ער. — האָט מיין פריינט, איבערראַשט, כמעט אויסגעשריגן.

דעם מענטשנס אויגן האָבן זיך אַביסל מער אויפגעעפנט און האָבן לאַנגזאַם זיך איבערגעטראָגן אויף מיין פריינט. אַ גאַל־ביטער שמייכל האָט העסלעך צעקרומט דעם אומבאַקאַנטנס פּנים.

אין יענעם מאָמענט איז צוגעקומען דער קעלנער און האָט אים האַס־טיק אַ שלעפּ־געטון פון טישל.

— זיי לאָזן נישט איינזיצן, אָט־די אויסלענדישע שלעפּערס. וויפיל מען טרייבט זיי פון דאַנען, קריכן זיי ווידער, — ווי איינגעגעסענע פליגן — האָט דער קעלנער מיט כעס גערעדט, שלעפּנדיק, בעת מעשה, דעם מענטשן, וועמענס פיס האָבן הפנים נישט געדינט.

אַרויסגעשליידערט פון קאַפע־הויז, איז ער נעלם געוואָרן אין דעם ביינאַכטיקן חשכות אין יענעם אָפגעשטאַנענעם שטאָט־געגנט, ווו איך האָב מיך צופעליק געטראָפן מיט זיין פריינט.

— צי איך קען אים? פרעגסטו — האָט מיין קאָלעגע, זיפצנדיק אַ זאָג געטון. — ער האָט אין זיך אַריינגעגאָסן דעם לעצטן טראָפּן אַפּע־ריטיוו־געטראַנק און האָט אָנגעהויבן:

— 2 —

ווי שטאַרק ער איז פאַרענדערט געוואָרן; נאָר זיין דייטשישער פּרצוף האָט זיך אין מיין זכרון אַזוי איינגעביסן, אַז איך וואָלט אים אַפילו אַן אָפּגעשוונדענעם דערקענט. טאָג־טעגלעך פלעגט ער זיך מיר פלאָנטערן פאַר די אויגן, ווי עפּעס אַ בייזער געשפּענסט.

דאָס איז געווען אין יענע אַנגסטלעכע טעג, ווען די דייטשישע האָר־דעס האָבן שרעקלעך אַוואַנסירט אויף אַלע פראָנטן און האָבן באַדראָט

סטאַלינגראַד. אין יעדן דייטש, וואָס מען האָט דאָ באַגעגנט האָט מען געקאָנט מערקן דעם אויסדרוק פון חוצפה און גאווה, גלייך ווי היינט, מאָרגן וועלן זיי שוין דאָ אויך באַלעבאַטעווען.

אין אַ געוויסער נאַכט, גאַנץ־שפּעט, צוקומענדיק צו מיין שטוב, האָב איך באַמערקט פאָרען זיך ביי דער טיר אַ סילועט פון אַ הויכער פערזאָן.

— וואָס פאַרלאַנגט איר דאָ? — האָב איך אַ פרעג געטון.

ער האָט זיך אַ צאַפּל געטון און האָט אויף יידיש מיט אַ דייטשישן אַקצענט אַ פרעג געגעבן:

— אָ, דאָס זענט איר טאַקע?

— ווערמען מיינט איר דאָס? — בין איך איבעררַאַשט געוואָרן.

— אייך טאַקע, זון איך. — האָט ער מיט אַ מאָדנעם צופרידענעם טאָן אַ זאָג געטון.

ביי דער שוואַכער שיין פון דעם גאַס־לאַמטערן האָבן זיינע אויגן אַ גלאַנץ געטון אויף מיר. אַ קעלט איז מיר איבערגעגאַנגען איבער מיין לייב. דאָס איז „ער“, האָב איך געטראַכט, דער געשטאַפּאָ־אַגענט.

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָב איך נישט מיט מיין קול אויס־געשריגן — וואָס האָט איר זיך אויף מיר אָנגעזעצט און פאַרפאָלגט מיך ווו איך שטיי און גיי, אויף טריט און שריט?

— אָ, פריינט, שרעקט זיך נישט פאַר מיר. איך מיין אייך קיינע ביי־זעס ניכט מאַכען, פאַרקערט, איך קום אייך בעטן אַ געפעליקייט... ביטע שיין... קומט מיט מיר, מיין פרוי איז געפערליך...

— וואָס הייסט... איך בין דאָך נאָך נישט דאָקטאָר, האָב איך מיט פאַרדאַכט און אומצוטרוי אָפּגעענטפערט.

— עס מאַכט נישט, פריינט, וועט איר מיר אַן עצה געבן, אום גאָ־טעס ווילן, טוט מיר אַ טובה; איך בעט אייך, — האָט ער זיך שוין איצט געגומען איינקלאַמערן אין מיר — זי איז פאַרביי... זיין קול איז געוואָרן טרויעריקער און ציטערדיק.

דער געפיל פון צווייפל און אומצוטרוי צו דעם אומבאַקאַנטן איז פון מיר פלוצים פאַרשווונדן און בין מיט אים אַוועק ווו ער האָט מיך געפירט. ער איז געגאַנגען אַביסל איינגעהויקערט, נעבן מיר און האָט

שווער געאָטעמט. פון צייט צו צייט האָט זיך ביי אים אַ טיפער זיפץ אַרויסגעריסן. אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט צו אָפּכאַפּן דעם אָטעם און איז אָן לשון ווייטער געגאַנגען.

ענדלעך זענען מיר צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן בנין פון אַ סך דעפּאַר־טאַמענטן. ער האָט אויפגעעפנט די טיר און אין אַ ווײַלע אַרום בין איך געשטאַנען אין... אַ גאַנץ־פיין איינגעאָרדנטער קאָנסולטאָריע...

אויף אַן אָפּעראַציע־טיש איז געלעגן, איינגעהילט ביז דעם האַלדז אין אַ ברוינער קאָלדרע, אַ פרוי, דאָס פנים אירס איז געווען טויט־בלאַס, קיין טראָפּן בלוט־פאַרב איז נישט געווען צו מערקן אויף אירע צעעפנ־טע ליפּן, וואָס האָבן אויפגעדעקט אירע פּערל־ווייסע ציין. אירע בלויע אויגן האָבן געקוקט פאַרלוירן און פאַרגלאָצט ווי אין אַ גסיסה־צושטאַנד, אָדער גאָר אַ געשטאָרבענע; קיין אָטעם־באַוועגונג איז נישט געווען צו מערקן.

— מאדליען! — האָט ער ביים אַרײַנקומען ווילד אויסגעשריגן און איז מיט פאַרצווייפלונג צוגעפאַלן צו איר. ער האָט פון אונטער דער קאָלדרע האַסטיק אַרויסגעריסן אירע אַ האַנט און האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אויבערמאַנטל און די שליאַפּע און ווי עפּעס אַ צעדולטער האָט ער איינגעגראָבן זיין צעשויבערטן קאָפּ צווישן אירע אַנטבלויזטע בריסטן און האָט זיך צוגעהערט צי דאָס האַרץ אירס קלאַפּט נאָך.

— זי לעבט נאָך — האָט ער נישט מיט קיין מענטשלעך קול אַרויס־געריעט. — איך בעט אייך, האָט ער איצט מיט טרערן אין זיינע ברייט אויפגעריסענע אויגן, זיך צו מיר געווענדט — העלפט מיר, ראָט מיך וואָס זאָל איך טון מיט איר, אַ ניט זענען מיר ביידע פאַרפאַלן...

— דאָס איז אייער פרוי, זאָגט איר?

— יאָ, מיין אייגענע פרוי...

— איך פאַרשטיי נישט וואָס דאָ קומט פאָר; איך זע דאָ אַ קאָנסול־טאָריע, און ווו איז דער דאָקטאָר, אָדער די אקושאָרקע?...

— איך זע, אַז איר פאַרשטייט נישט, האָט ער ווי צו זיך אַליין גערעדט. — נו, געוויס... גליקלעכער מענטש וואָס איר זענט, קאָנט איר דאָס נישט באַנעמען... אין אַזאַ פינצטערער לאַגע ווי מיר ביידע געפינען

זיך, ברענגען נאָך אַ קינד אויף אָט־אָ־דער משוגע־געוואָרענער וועלט... האָב איך באַשלאָסן דאָס נישט דערלאָזן באַצייטנס... און עס איז מיר נישט געלונגען... מיין אייגענע פרוי נישט געקאָנט אַנטשוואַנגערן... אין בערלין האָב איך דורכגעפירט אַזעלכע אַבאָרטן אין די הונדערטער, אויך דאָ אויף דעם זעלבן טיש האָב איך אַ סך פרויען באַפרייט פון מוטערלעכן יאָך.

— וואָס רעדט איר? איר זענט עס דער וואָס האָט דאָס געטון? אייער אייגענע פרוי? — בין איך צו אים צוגעשטאַנען.

— איך בעט אייך, האָט ער כליפּענדיק מיך אָנגענומען פאַר ביידע הענט — מאַכט נישט קיין געפילדער, לאָמיר קיין צייט נישט פאַרלירן.

—האָט איר דאָ אַ שלאָף־צימער?

— יאָ, מיין פריינט.

— נו, טאָ לאָמיר זי פאָרזיכטיק אַריינלייגן אין בעט. פאַרהאַקט די טיר פון קאָנסולטאָריע, און ביז איך וועל ברענגען די שנעלע הילף־אַמבו־לאַנץ זאָלט איר איינשפּריצן איר אַ דאָזע קאַפעין און קאראמין.

ווי אַ באַנומענער בין איך געלאָפן זוכן ערגעץ אַ טעלעפאָן. אומע־טום איז געווען פינצטער און פאַרמאַכט. מיט כמה צרות האָב איך מיך דערשלאָגן צו אָט־אָ־דעם קאַפע ווו מיר זיצן איצט דאָ, און האָב אָנגע־קלונגען אין מיין שפּיטאָל. איך בין באַלד צוריק געלאָפן.

ער האָט די פרוי אַביסל דערמונטערט, זי איז איצט געלעגן אין זיינע אָרעמס און צו אים געשעפּטשעט אויף דייטש, וואָס איך האָב נישט געקאָנט גוט באַנעמען.

— עס וועט קיין סך נישט נעמען, האָב איך מיט אַ קורצן אָטעם אי־בערגעשלאָגן זייער געשפּרעך. דער שפּיטאָל איז נאָענט פון דאַנען.

איך האָב באַמערקט אויף דער פרויס טויט־בלאַסן פּנים אַ קינדיש שמייכל, וואָס האָט אויסגעדריקט דאַנקבאַרקייט. ער האָט זי צערטלעך איינגעמאַסטעט אויף דעם בעט און האָט געלאַסן אָנגעהויבן שילדערן:

— יאָ, מיין פריינט, דאָס לעבן איז אָפטמאָל עפּעס ענלעך צו אַ שדים־וואַקכאַנאַליע אין גיהנום. ווי איר קוקט אונדז אָן, זענען מיר גע־וועזענע... אַמאָל בין איך געווען מיט לייטן גלייך, אַן אָנגעזעענער דאָק־

טאָר אין בערלין. זי, מאַדליען, מיין פרוי, איז אַ יידישע, אַ געוועזענע פּראָפעסאָרין פון ליטעראַטור און פילאָזאָפיע פון אַ מיטל־שול. איך האָב מיט איר געהייראַט אַ פּאָר יאָר איידער היטלער, דער שוואַרץ יאָר, איז צו דער מאַכט געקומען. דאַן, פאַרשטייט איר שוין, האָט זיך פּאַר אונדז אָנגעהויבן דער קרייץ־וועג. מיינע אייגענע ברידער זענען מיר ביטערע שונאים געוואָרן. אין דעם זעלבן טאָג וואָס מען האָט פאַרביי אונדזער וווינונג מיין פרויס עלטערן צוזאַמען מיט טויזנטער יידן ווי סקאָט צו דער שחיטה געטריבן, האָבן מיינע ברידער, פאַרברענטע נאַציס, זיך אַריינגעריסן אין מיין שטוב און אָנגעמאַכט אַ חורבן. זיי האָבן מיך געדראָט, אַז אויב איך פאַרנעם מיך נישט פון דאָרטן באַצייטנס, דערוואַרט מיך דער זעלבער גורל ווי דעם פאַרפלוכטען יודען, דעם שווער מיינעם.

מאַדליען איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכער ספּאַזמע, און זיי האָבן זיך איבער איר איזדיעקעוועט מיט אומגעלומפּערטע זידל־ווערטער. איך האָב איינגעזען אַז מען מוז אַנטלויפן ווי די אויגן וועלן טראָגן... וואָס איך האָב נאָר געקאָנט, האָב איך אַרויסגעראַטעוועט. דאָ, אין אָט־אָ־דער קאָנסולטאַריע האָב איך אין געזיימגיש געאַרבעט אומלעגאַל. מיינע פּאַציענטן באַשטייען פון אַנטלאָפענע דייטשן און דייטשישע יידן, וואָס קאָנען מיך פון דער היים.

— ווי קומט איר צו מיר? — האָב איך אים פּלוצלינג איבערגעשלאָגן די רייד.

— אָ, זינט עטלעכע מאָנאַטן, אַז איך גיי אייך נאָך און האַלט אייך אויף דעם אויג. אויב איר געדענקט, איז אין איינעם פון די דעפּאַרטאַמענטן פאָרגעקומען אַ זעלבסטמאָרד. איר, אַלס פּראַקטיקאַנט, זענט געקומען מיט דער אַמבולאַנץ פון דער שנעלער הילף וואָס מען האָט אַרויסגערופן. דערהערנדיק אייך רעדן יידיש צו די עלטערן פון דעם געסמטן, האָב איך דערפילט צו אייך עפּעס אַ נאָענטקייט.

שווער, זייער שווער איז מיר אָנגעקומען ביז איך האָב נאָך אַמאָל געהאַט די געלעגנהייט אייך צו געפינען.

ענדלעך זענט איר מיר געקומען אַנטקעגן אין אַ געווויסן בייטאָג, ווי איך בין נאָר צוגעקומען צום טויער פון שפּיטאָל.

פון יענעם טאָג אָן האָב איך אייך שוין פון אויג נישט אָפּגעלאָזט. איך האָב אַלץ געזוכט אַ געלעגנהייט מיט אייך צו רעדן און אייך פאָר־לייגן מיינע פּלענער...



דאָס צעקלינגען זיך פון טיר־גלעקל און דאָס פייפן פון אַמבולאַנץ־סירענע האָט איבערגעהאַקט זיין געשפּרעך.

— די אַסיסטענסיאַ איז שוין דאָ, האָב איך אים אַ זאָג געטון — וואַרט אַ ווײַלע, איך וועל אַריין אין עס־צימער. דער פּראַקטיקאַנט וואָס קומט, טאָר מיך דאָ נישט טרעפן. זאָגט אַז איר ווייסט פון גאָרנישט. עפּעס אַ פלוצימדיקער בלוט־שטורץ. איך וועל נאָכהער קומען אין שפּי־טאָל.

— גוט.

דעם פּראַקטיקאַנטס קול איז מיר געווען קענטלעך. חברה האָבן אים גערופן „על סאַפּאָ גאַרדאַ" (די דיקע זשאַבע) צוליב זיין פעט־לייביקן אויסזען.

— נו, האָט דער פּראַקטיקאַנט אַ באַפעל געטון, גייט ברענגט מיטן שאָפער דאָס בעטל. אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך געהערט ווי מען טראָגט זי פון דאָרט אַרויס.

— 3 —

— אָלאַ, אָלאַ, ניאַטאָ — ווי קומסטו פלוצלינג אַהער, אַזוי שפּעט? עס איז דאָך נישט דיין גוואַרדיע היינט — האָבן זיך אָנגערופן די צוויי מינאָר־פּראַקטיקאַנטן, ווען זיי האָבן מיך דערזען אַריין אין דער „סאַלאַ דע גוואַרדיאַ" (וואַך־זאַל).

— וואָס חידושט איר זיך אַזוי? — האָב איך נאָך אַ געמאַכטן לאַנגן גענעץ אַ זאָג געטון — עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך פאַל אַריין אין שפּיטאָל אַ קערטל כאַפּן, אָדער עפּעס אַ טרונק־טון. מען וואַלגערט

זיך אַזוי לאַנג אַ שלאָפלאָזער אויף דעם געלעגער ביז מען דערמאָנט זיך, אַז אין שפּיטאָל איז אַזוי לעבעדיק... און אָט בין איך טאַקע דאָ מיט אַ פריש צאַפּלדיק טעשל קאָרטן אין קעשענע.

— קאָמאָ עסטאַס האָי, ניאַטאָ! (ווי אויפגעלייגט דו ביזט עס היינט)

— האָט איינער פון זיי שפּאַסנדיק זיך אָפּגערופן און האָט צוגעגעבן:

— אָבער מיר דאַכט זיך, אַז היינט איז נישטאָ קיין קאָרטן־שפּילן, „על סאַפאָ" האָט געבראַכט נאָרוואַס עפּעס אַ דייטשקע וואָס אַ „פּאַר־טעראַ" (אָקושאָרקע) האָט צורעכט געמאַכט. דער מאַן אירער ווייסט נישט וועך עס האָט אים געשליירט. אָט שטייט ער ווי אַ מאַניאַק, קוק אים נאָר אָן...

אין דעם טונקעלן קאָרעדאָר האָב איך באַמערקט אַן אומבאַוועגלעכן שאָטן צוגעקלעפּט צו דער וואַנט.

— ווילסט זען וואָס מען טוט דאָרטן מיט איר? כאַפּ אויף זיך דעם כאַלאַט און גיי אַריין, האָט דער צווייטער פּראַקטיקאַנט איצט גערעדט.

— ווייס איך וואָס, אַ דייטשקע זאָגסטו? האָב איך כלא ידע צי זיך אַליין גערעדט — וואָס גייט זי מיר אָן.. נאָר איך... איך בין שוין דאָ. מילא...

איינגעהילט אין די ווייסע כאַלאַטן מיט די ווייסע מאַסקעס ביז אונ־טער די אויגן, זענען די צוויי מאַיאָר־פּראַקטיקאַנטן ביי ביידע זייטן פון דעם וואַך־דאָקטאָר געשטאַנען און געאַרבעט אַרום דער קראַנקער אין דער העל־באַלויכטענער כירורגישער פּאַלאַטע.

— צו־שפּעט — האָט דער דאָקטאָר געהאַלטן אין איין טענהן. — עס איז נישטאָ וועמען צו ראַטעווען, אַן אמתער מאָרד, אַ שרעקלעכער פאַרברעכן. אָן דעם מאַנס וויסן טוען זיי דאָס, אָט־אָ־די בהמות.

פאַרשוויצטע, מיט שטאַרק פאַרבלוטיקטע הענטשקעס זענען זיי אַלע אַרויס פון זאַל, איבערלאָזנדיק די קראַנקע שוין אָן אַ טראָפּן בלוט, אין גסיסה־קאָנוולסיעס.

— קומט אַהער, יונגערמאַן, ווי רופט מען אייך דאָרטן? — האָט דער דאָקטאָר שטרענג אַ געשריי געטון צום מאַן.

— שטאָלצמאַן, פרידריך שטאָלצמאַן — האָט ער מיט אַ דייטשישן

אַקצענט אָפּגעענטפערט, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דאָקטאָר אויסגעצויגן, ווי אַ זעלנער פון דער „ווערמאַכט“. אין יענעם מאָמענט האָב איך אים נישט דערקאַנט, קיין סימן פון פאַרצווייפלונג איז איצט געווען צו מערקן אויף אים. וווּ איז אַהינגעקומען יענער דערשלאָגענער מאַן, וואָס האָט זיך געבעטן רחמים, אַז איך זאָל אים העלפן? האָב איך איצט געטראַכט. פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען אַ גרויזאַמער דייטש, וואָס האָט דערמאָרדעט אַ יידישע פרוי, און איך האָב נאָך אים געהאָלפן צו פאַרדעקן אַזאַ שווידערלעכן פאַרברעכן. אַ שרעקלעכע שנאה צו אים האָט מיך אָנגעהויבן באַהערשן, מיט אַלע מיינע כוחות האָב איך מיך איינגעהאַלטן נישט אויסצושרייען, אַז ער איז דאָס דער מערדער. גייט מענטשן זען, וואָס ביי אים אין שטוב טוט זיך. אָבער... ביי דעם געדאַנק האָט מיט מיר געצונומען קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן און מיין לשון איז מיר אָפּגענומען געוואָרן.

— גייט אַהיים, האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופן צו שטאָלצמאַיען. אייער פרוי איז טויט, מאָרגן צען אַזייגער אינדערפרי וועט מען זי פאַלמעסן, וועט איר זי דערנאָך קאָנען אַהיימנעמען.

— טויט!?... גאָרנישט געקאָנט מאַכן — האָט ער געשטאַמלט.

ער איז צוגעלאָפן צו דער וואַנט און האָט זיך מיטביידע פויסטן געקלאַפּט אין קאָפּ און זיין פּנים האָט זיך העסלעך פאַרקראַמפּט.

איך בין אַריין אין זאַל וואַרפן אַ לעצטן בליק אויף דער פאַרשטאַרבענער יידישער פרוי.

— זע נאָר ווי זי ווערט שוואַרץ — האָט „סאַפּאָ“ אויסגערופן.

איר קלאָר־ווייסער קערפּער איז אין איין אויגנבליק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקער שוואַרצער האָלעוועשקע, פון מענטשלעכער פאָרמע, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס ליגט אַנטקעגן מיר איינע פון די מיליאָנען פאַרקוילטע יידישע פרויען, וואָס די דייטשישע בעסטיעס האָבן פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס פון דער ציוויליזירטער אייראָפּע.

***

מיין קאָלעגע איז אָנטשוויגן געוואָרן. אויסער אונדז ביידן האָט מען

אין קאַפּע קיינעם נישט געזען. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן פון אונדזערע ערטער און אַרויס אויף דער גאַס.

פון אַ קינאָ־זאַל האָבן זיך אַ לאָז געטון אַ סך מענטשן, צווישן וועל־כע עס האָט זיך אַרומגעוואַקלט דער טראַגישער שאָטן פון דאָקטאָר פריד־ריך שטאָלצמאַן.

# האַראָשקער

(אַ באַשיידענעם דענקמאָל מיין
חרוב געוואָרן געבורטס שטעטעלע)

— 1 —

איך האָב נאָך אַ דריטן מאָל אָנגעקלונגען און געוואַרט אַ היבשע ווײַלע, די טיר האָט זיך ענדלעך געעפנט. אַ דיקע פרוי אין אַ שלאָפּראָק איז אַרויסגעקומען.

— אָ, דאָס זענט איר דער דאָקטער? האָט זי אַ פרעג געטון און האָט מיך אָפּגעמאָסטן מיט אירע צוויי קורצזיכטיקע אויגן וואָס אונטער די ברילן האָבן זיי אויסגעזען צו זײַן אַ סך קלענער ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט.

— קומט אַרײַן, האָט זי זיך אָנגערופן, דאָ ליגט אײַערער אַ פּאַיסאַן (לאַנדסמאַן) און ווערט פאַרפוילט. קיינער פון אײַך קוקט זיך אויף אים נישט אַרום.

— מײַנער אַ פּאַיסאַן ווערט דאָ פאַרפוילט, זאָגט איר? — האָב איך איבערראַשט אַ פרעג געטון, דאַכט זיך מיר אַז מײַנע פּאַיסאַנעס זענען דאָ אין אַזאַ קליינער צאָל, אַז מען קאָן זיי איבערציילן אויף די פינגער, אַלע זענען זיי ברוך השם, חוץ זייער שאָדן אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן, טאָ ווו זשע האָט זיך פּלוצלינג צו מיר גענומען אַזאַ שלים־מזל אַ לאַנדסמאַן? האָב איך געטענה׳ט צו דער יידענע וואָס האָט מיר געפירט איבער יענעם הויף.

— אָט וועט איר זען. איך ווייס נאָר נישט אויב איר וועט אים דערקענען. ער זעט אויס, נעבעך, אַז אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד. פּאַוואָליע, פּאַוואָליע... אויף די טרעפּ, איר קאָנט נאָך אַליין בלײַבן אַ

קדוש, האָט זי מיך באַגלייט מיט אירע אויגן ווען איך האָב מיר גע־דראַפּעט אויף די פאַרזשאַווערטע אייזערנע געדרייטע טרעפּלעך אַרום אַ סלופּ.

מיט כמה צרות האָב איך מיך פאַרשלעפּט אויף דעם בוידעם.

דאָרט, פון צווישן אַ באַרג קלעצער, בלעכענע קעראָסין פּושקעס, צעפּוילטע מאַטראַצן און נאָך אַזעלכע רעשטן פון אָפּגעלעבטע און אָפּגע־נוצטע שטוב־זאַכן, האָט אַרויסגעסטאַרטשעט עפּעס אַזוינס וואָס מען פלעגט ביי אונדז רופן „קורין". אַ בודקע אַזוינע צונויפגעשטעלט פון ברעטער, ענלעך צו אַ גרויסער נאָרע פאַר שטוב־היגט אָדער סתם פאַר היימישע חיות.

אַ געֿרוך פון נבלה האָט אַ יאָג געטון פון דאָרטן וואָס האָט מיר דערמאָנט אין דעם געשטאַנק וואָס הערשט אין אַמפיטעאַטער פון אַנאַ־טאָמיע אין דעם מעדיצינישן פאַקולטעט, דאָרט ווו עס וואַלגערן זיך צעפּוילטע מתים אויף מאַרמאָלנע טישן.

אינעווייניק איז אין יענער נאָרע דער געֿרוך געווען אַזוי אומדער־טרעגלעך עקלהאַפט און איבלדיק, אַז עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז אָט, אָט גיב איך אַליין אָפּ דאָס וואָס איך האָב אין יענעם פרימאָרגן טועם געווען.

אויף אַ כמעט איינגעפאַלענער „קאַטרע" (אייזערנע בעטל) איז גע־לעגן אָפּגעדעקט אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט, אַ סקעלעט פון אַ קאַרליק, איינגעהילט אין אַ זאַפּראַן־געלע הויט דורך וועלכער יעדער ביין באַזונ־דער האָט זיך ווי געריסן צו דער פרייער לופט.

די צעשויבערטע קודלע זיינע איז געווען קויטיק גרוי צעשפּרייט אויף זיין שמוציקן צוקאָפּנס. זיין באָרד און וואָנצעס אויסגעקראָכן און אָפּגעפּרעסן פון ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שוואָם־פּאַראַזיט. איך בין צו־געגאַנגען נענטער אַ קוק טון וואָס דאָס איז פאַר אַ באַשעפעניש, האָבן זיך פון דער טיפעניש פון זיינע אויגנלעכער אויפגעריסן צוויי אויסגע־לאָשענע אויגן מיט ברייט צעעפנטע שוואַרצאַפּלען אַרומגערינגלט מיט בלוט־פאַרלאָפענע וויַיסלען.

באַלד האָט די אונטערשטע העלפט פון פנים זיך צעשפּאָלטן אויף

צוויי און אַ צײַנלאָזער מויל האָט עפּעס אַ רעוועו געטון נישט מיט קיין מענטשלעך קול.

לאַנג בין איך געשטאַנען אַנגעבויגן און געגנישטערט אין מיין זכרון עפּעס אַזוינס וואָס זאָל מיר דערקלערן ווער אָט אָ־דער נפש איז. ביז איך האָב אים אויסגעפונען:

— דאַכט זיך מיר אַז דאָס איז בנימינדל, אויב איך האָב קיין טעות נישט... יאָ... זיכער אַז דאָס איז ער, בנימין שמיליע דעם מלמדס זון. ווי האָב איך אַזוי אָן אים געקאָנט פאַרגעסן?

עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז דאָ ליגט פאַר מיר אַן עקזעמפּלאַר פון בוכענוואַלדער קאָנצענטראַציע־לאַגער וואָס איך האָב ערשט נעכטן געזען... אויף אַ קינאָ־לייוונט.

— איך קום ערשט פון דאָרטן... האָב איך פלוצלינג דערהערט בנימינס הייזעריק קול מיט אויסגעצויגענע ווערטער.

— פון וואַנען קומסטו? האָב איך דערשטוינט אים אַ פרעג געטון.

עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער זאָל געווען אויפכאַפּן מיין געזאַנק פון בוכענוואַלדער קאָנצענטראַציע־לאַגער אין וועלכן איך האָב געהאַלטן אין טראַכטן.

— פון „האַראַשקע" קום איך איצט, האָט ער גענומען רעדן פון היץ.

איך האָב מיר צוגעזעצט אויף אַ טאַבורעט נעבן אים כדי גוט איינצוהערן זיך וואָס ער רעדט:

— יאָ... האָט ער סאַפּענדיק געשעפּטשעט, — נאָר איינגעפאַלענע אויוונס און נאַקעטע קוימענס אָן רויך אויף בערג מיט אַש האָב איך דאָרט געזען... נאָר אַזעלכע זינדיקע נשמות ווי איך, בילן אַרויס ווי משוגענע הינט פון די פאַרלאָזטע פינצטערע קעלערס אַז עס פאַלט אָן אַ פחד... נאָר איין בן אָדם האָב איך דאָרט געטראָפן אַ לעבעדיקן... דאָס איז מיין ברודער פיניע וואָס זיצט נאָך עד היום יומם ולילה אויף דער באַנק ביי דער איצט איינגעפאַלענער הרובע אָנגעשפּאַרט אָן דעם סטענדער און לערנט...

אונטער דעם פרייען הימל זיצט ער דאָרטן, אויף דעם פּלאַץ ווו די קלויז איז געשטאַנען.

— איר הערט דיבורים? האָט די באַלעבאָסטע וואָס איז געשטאַ־

נען הינטער מיר, אַ זאָג געטון, אַזוי האַלט ער אין איין ריידן, שטענדיק קייט ער איבער פּינקטלעך די זעלבע ווערטער גלייך ווי ער זאָל זיי אַרויסלייענען פון עפּעס אַן אויפשריפט.

— איך קאָן מיט אים דאָ גאָרנישט מאַכן, האָב איך מיט באַדויע־רונג אַ זאָג געטון צו דער פרוי, עס איז דאָך דאָ ממש אַ הקדש. איך וועל אַרויסרופן די שנעלע הילף צו אָפּפירן אים אין אַ שפּיטאָל.

— טוט מיט אים וואָס איר ווילט אַבי אים אָפּראַמען פון דאַנען, האָט זי אַ זאָג געטון מיט אַ ברוגזן טאָן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די טרעפּ.

— 2 —

גאָר אַ קליינע צאָל האָראָשקער זענען מיט דעם עמיגראַציע־שטראָם פאַרטראָגן געוואָרן צו די ברעגן פון לאַ־פּלאַטאַ טייך.

דאָס זענען געווען מענטשן וואָס צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן זיי זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן קיין נאָרד־אַמעריקע.

ווען אונדזער ריי איז געקומען האָט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל אונדז אַרויסבאַגלייט ביז גאַנץ ווייט אין פעלד אַרויס, דאָרט וווּ דער שליאַך צעטיילט זיך אויף צוויי באַזונדערע וועגן.

אונדזער וואָגן האָט זיך פאַרנומען אויף רעכטס לאַנגזאַם, טריט ביי טריט און הינטער אונדז איז צופוס נאָכגעגאַנגען דער פעטער משה. ער האָט געוואָלט זיין דער לעצטער.

ער האָט זיינע פאַרוויינטע אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן פון אונדז.

מיר זענען געזעסן אויף אונדזערע ערטער שטיל, מיט פאַרשטייגטע הערצער, עפּעס האָט געדריקט אין דער קעל.

ביים געזעגענען זיך האָט דער פעטער לאַנג יעדן איינעם פון אונדז געהאַלטן צוגעקלעמט צו זיין האַרצן און האָט באַדעקט מיט הייסע קושן פון זיין באַבערדעטן מויל וויינענדיק אויף אַ קול.

דאָס האָט אונדז אַלעמען נאָך מער פאַרקלעמט ביים האַרצן צוזעענ־דיק ווי אָט־אָ דער שטענדיק בייזער פעטער וואָס פלעגט אויף אונדז

כּסדר שרייען, דער זעלבער פעטער וואָס קיין אַנדער נאָמען ווי „סיביר־ניקעס” האָבן מיר, פּלימעניקעס, ביי אים נישט געהאַט, האָט איצט אַנ־געווירן זיין שטענדיק שטייפן געשטאַלט און איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי צערטלעך. אין אַזאַ יאָמערלעכן צושטאַנד האָבן מיר אים ביז דאַן קיינמאָל נישט געזען.

עס האָט זיך געדאַכט אַז אַפילו זיין ברייטע באָרד און פּאות זענען אויסגעווייקט פון טרערן.

ענדלעך איז דער פעטער משה געבליבן שטיין אויף דעם שליאַך און דער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטון פון אָרט.

איך האָב אין יענעם מאָמענט דערפילט אַז מיין הערצל האָט זיך אַ צאַפּל געטון.

דעם פעטערס וויינענדיק קול וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דעם נאָענטן וואַלד איז אָן אַ שיעור ווידערקלאַנגען בעת מיר האָבן זיך גענו־מען דערווייטערן פון אים, הילכט נאָך עד היום אין מיינע אויערן.

אַ שוידער גייט מיר דורך איבערן לייב ווען עס נעמט מיר מאַטערן דער געדאַנק אַז מיין פעטערס קול מיטן שמע ישראל אויף די ליפּן איז געוויס אויף אייביק פאַרשטיקט געוואָרן אין אַ גאַז־קאַמער פון מיידאַ־נעק, טרעבלינקע אָדער אָשווענטשים, ווער ווייסט ווו?

איך בין געזעסן מיט מיינע בליקן געווענדעט צום שטעטל, און געזען ווי עס ווערט פאַרשלייערט וואָס אַמאָל מער אין אַ מין גרויען נעפּל.

אויף אַ באַפעל פון מיין מאַמע האָט זיך דער וואָגן נאָכאַמאָל אָפּ־געשטעלט.

די מאַמע האָט זיך געלאָזט גיין צום בית־עולם וועמענס הויכער הילצערנער פּאַרקן האָט געהאַט זיין אַריינגאַנג נאָענט ביים שליאַך. דאָס איז די מאַמע געגאַנגען אָנקלאַפּן אין די קברים פון הייליקע נשמות צו וועמען זי וועט שוין קיינמאָל אויף קבר אָבות נישט גיין אין די הייליקע טעג.

אַרויסגעקומען איז זי פון דאָרטן אין באַגלייטונג פון רייזע די אלמנה.

— געדענק, האָט רייזע וויינענדיק נאָכגעשריגן, — זאָלסט זאָגן זיינע בנים אַז זייער געשטאָרבענער טאַטע קאָן נישט איינרוען אין קבר

ביז זיי וועלן נישט אָפּגטן זייערע ווייבער, אָדער „אַרויסטרעבעווען" זיי אַהין. נישט איבערלאָזן קיין אייביקע עגונות און לעבעדיקע יתומים.

מירקע שיכור, דער בעל־עגלה, האָט אַ שמייס געטון די פערד און דער וואָגן האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטון אויף דעם וועג קיין קאַראַסטין.

— 3 —

איך ווייס נישט צי אין גאַנצן אוקראַאינער ראַיאָן האָט זיך אין יענער צייט געפונען אַזאַ אויפגעלעבט שטעטל, וואָס זאָל געווען פאַרמאָגן אַזוי־פיל טשיקאַווע און באַזונדער אויסערגעוויינלעכע עפּיזאָדן ווי האָראָשקע, דערפאַר האָט מען טאָקע אויף דעם געזאָגט: האָראָשקע, ליודעי טראָשקע, אַלע ליודע! (האָראָשקע, ווייניק מענטשן, אָבער מענטשן!).

פון צייט צו צייט לעבן אויף אין מיין זכרון זאַכן אַזעלכע, וואָס זענען מיר איינגעקריצט געוואָרן און ליגן דאָרטן ערגעץ באַהאַלטן אין ווער ווייס וואָס פאַראַ קעמערלעך, אונטער דעם האַרטן ביין פון מיין שאַרבן.

איינע פון אַזעלכע אויסטערלישע פּאַסירונגען איז מיר געקומען אויפן זינען נאָכדעם ווען איך האָב באַזוכט מיין אומגליקלעכן לאַנדסמאַן בנימין שמילע דעם מלמדס זון.

*****

נאָך אַ ווינטער פון גרויזאַמע פרעסט, שנייען און זאַווערוכעס, איז געקומען דער חג הפּסח, דער שענסטער און פראַכטפולסטער יום־טוב, אין וועלכן עס פינקלט און עס זינגט זיך שירה אין יעדער יידיש ווינקעלע. נאָך אַזויפיל מי און פראַצע ווערט אַפילו ביי זיך אַ גאַנצער מלך דער אָרימסטער ייד, וואָס האָט אַ וואַרימע היים, ווען ס׳פאַלט צו די ערשטע נאַכט פון פסח.

אין יענעם יאָר איז די ערשטע נאַכט פון פסח אויסגעפאַלן פרייטיק. מיטן ערשטן שטערן אויפן הימל האָבן אויך אויפגעבליצט די לאָמפּן

פֿון די דריי בתּי־מדרשים, וואָס האָבן זיך געפֿונען ווי איינגעטוליעט איינער אין צווייטן אויף דעם שול־הויף אַנטקעגן דעם מאַרק.

אַהין האָבן זיך געצויגן אין יענעם מאָמענט אויסגעצוואָגענע יום־טובדיק געקליידעטע יידן. פֿון אַלע געסלעך האָבן זיי געשטראָמט מיט אַ מין נחת־רוחדיקער באַוועגונג, אַ הערלעכע צופֿרידענע מינע האָט אויף יעדן פּנים געשוועבט.

און גייענדיק האָבן זיי צווישן זיך גערעדט געלאַסן און ווי געסודעט זיך.

פֿון יעדן פֿענצטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן שבת־ליכט, וואָס האָבן געוואָלט קאָנקורירן מיט די פֿינקלדיקע שטערן אין הימל.

בלויז די קלייטן אויפֿן מאַרק זענען געשטאַנען פֿאַרלאָזט און איינגעהילט אין פֿינצטערניש.

די גאַסן זענען שוין לאַנג געווען טרוקן, אָבער אין די פֿאַרשידענע קאַנאַוועס האָט נאָך אַלץ גערוישט דאָס וואַסער פֿונעם צעגאַנגענעם שניי. דאָס וואַסער האָט זיך געטראָגן באַרג־אַראָפּ, צום טייך „האָרשאַ“, וואָס איז דורך דעם זומער איינגעשרומפּן געוואָרן. איצט, פּסח צייט, האָט עס זיך צעזייט און צעשפּרייט אויף די אַרומיקע לאָנקעס און מען זעט אויף דעם דאָס געלויף פֿון ריזיקע אייז־בלאָקן, ווי פֿאַנטאַסטישע שיפֿן.

קיינער פֿון שטעטל האָט זיך אַפֿילו נישט פֿאַראינטערעסירט צו וויסן פֿון הינטער וועלכע הורי חושך ווערט דאָס טייכל געבוירן און אין וועלכן ים אָדער אזיערע גייט דאָס פֿאַרלוירן.

איין זאַך האָט מען געוווּסט, אַז דאָס לעבן פֿון שטעטל איז אָפּהענגיק פֿון אָט דעם צומאָלס נישטיקן נילוס.

צוויי גרויסע פֿאַראָווע מילן האָבן געצויגן זייער יניקה און קראַפֿט ביי זיין דרום־ברעג.

טאָג און נאַכט האָט מען איבערן שטעטל געהערט דאָס קרעכצן און סאָפּען פֿון די מיל־מאַשינען.

שווער אָנגעלאָדענע וועגענער מיט באַשיכורטע גוים אויף די קעל־ניעס האָבן זיך געשלעפּט היין און צוריק פֿון די מילן אַ גאַנץ קיילעכ־דיק יאָר.

אַ סך פעלזן פון גרויסע גראַניט־בלאָקן באַדעקט מיט אַ מין גרינעם מאָך סטאַרטשען דאָרטן אַפּיר פון דעם ריין קרישטאָלענעם וואַסער, וואָס באַוועגט זיך שטיל אין די הייסע זומער־טעג. פּסח־צייט קאָכט דאָרט ווי אין אַ קעסל.

אין יענעם ערב־פּסח פאַרנאַכט, זענען אויך די מילן אַנטשוויגן געוואָרן. דעם זעלבן טאָג איז אויסגעפאַלן „זייער הייליקער פרייטיק".

בעת די יידן זענען געגאַנגען אין שול אַריין מקבל־שבת און יום־טוב זיין, האָבן אויך גויים פון די אַרומיקע דערפער זיך געצויגן איבערן שטעטל שטיל און סטאַטעטשנע אויף וועגענער צו דער „צערקווע", וואָס האָט זיי גערופן מיט טרויעריקע גלאָקן־טענער.

די פולע האַלב־חודש לבנה האָט אויך אויסגעזען יום־טובדיק אויף איר שפּאַציר איבער דעם אויסגעשטערנטן הימל.

ווען די לבנה איז שוין גאַנץ הויך געשטאַנען, האָט זיך אויף איר מעריב זייט אָנגעהויבן פאַרציען אַ בלוט־רויטער פלעק, וואָס איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן גרעסער, אַזוי אַז ווען די באַלעבאַטים זענען נאָכן דאַוונען אַרויס פון די שולן, איז די לקוי־לבנה געווען אַ פולשטענדיקע. ס'האָט זיך געדוכט אַז אַ ריזיקער טראָפּן בלוט הענגט פון דעם הימל אַראָפּ.

פאַרגאַפט און צעשראָקן איז דער גאַנצער עולם געשטאַנען אויפן שול־הויף, מיט די אויגן געווענדט צום אויסטערלישן מוראדיקן צייכן.

— אין אַ פּסח־נאַכט אַ בלוט־פלעק אויפן הימל! — איז געוואָרן אַ געמורמל צווישן עולם — אַ שלעכטער סימן...

שטיל, מיט שווערע הערצער, איז מען זיך צעגאַנגען אָפּריכטן דעם סדר.

— 4 —

נאָר צוויי יידן זענען אין יענער נאַכט געווען ווייט פון אָנטיילנעמען אין אַ סדר־אָפּריכטונג. דאָס זענען געווען פיניע, שמילע דעם מלמדס מעזיניק, און ניסל דער סאָסניק, חנא דעם בעדערס ברודער.

אויף דער באַנק ביי דער הרובע אין דער אַלטער קלויז, איז זיך ווי תמיד פּיניע שמיליעס געזעסן אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אָן דעם שטענדער. זיין איצט צעמעמיתט פּנים האָט ער געהאַלטן פּאַרדעקט מיט ביידע הענט.

ווי אַ צוגעקאָוועטער איז ער געזעסן אויף זיין אָרט. קיינער פון די מתפּללים האָט נישט באַמערקט, אַז ער, פּיניע, איז אַפילו נישט אָנגעטון אין זיינע שבתדיקע בגדים.

אין זיין אָפּגעבליאַקעוועטער קאַפּאָטע און וואָכעדיקן היטל, האָט ער זיך דאָרטן געפונען פרעמד פון אַלעס וואָס איז יום־טובדיק. ער איז אַפילו צו שמונה עשרה און הלל נישט אויפגעשטאַנען.

ער איז געווען פאַרביטערט פאַרוואָס ער האָט אַזוי שלעכט אָפּגעשניטן יענעם ערב יום־טוב.

שמיליע איז געווען זיכער, אַז כאָטש איינער פון זיינע דריי זין וועט אַרויס אַ רעכטער. ער האָט זיך דערפילט אין זיבעטן הימל, ווען פּיניע, זיין מעזיניק, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ חריף און באַהאַוונט מיט גרויס התמדה צו תורה און תלמוד:

— איינער כאָטש פון „זיי", וועט זיין דער נאָכפאָלגער פון דורות־לאַנגע לומדים — האָט מיט גרויס תענוג ביי זיך געטראַכט שמיליע, צוזעענדיק ווי פּיניע זיצט יומם ולילה און לערנט. — ער מוז אויסוואַקסן אַזאַ תלמיד־חכם, אַז ער זאָל שמען פאַר אַ חד בדורו.

מיט דעם געדאַנק און ריידנדיק צו זיך אַליין, האָט ער זיך געלאָזט גיין יענעם פרייטיק ערב־פּסח בייטאָג אין קלויז.

ער וועט דאָרטן דעם זון טרעפן לערנען. ער וועט אים בעטן ער זאָל גיין מיט אים אין מרחץ, טובל זיין זיך, ווי אַ פרומער ייד טוט עס פאַר עבודת הבורא.

מער ווי תמיד איז פּיניע געזעסן אַריינגעטון און פאַרטיפט אין דער לערע, וואָס ער האָט געהאַלטן בסוד...

פּלוצלינג איז די שטילע לופט פון דעם שול־חלל אויפגעטרייסלט געוואָרן פון אַ הילכיקן פייערדיקן פּאַטש, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פּיניעס פּנים.

נישט טויט און נישט לעבעדיק האָט זיך פּיניע אַ כאַפּ געטון פון זיין אָרט.

שמיליע איז געשטאַנען מיט אַ טויט בלאַסן פּנים און האָט געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אויף זיין תכשיט. אַ געדיכטע פּינע האָט געשטראָמט פון זיין מויל.

— משומד! הולטאַי! אָט דאָס הייסט עוסק בתורה זיין? מטמא זיין אַ מקום קדוש און זיך אַליין מיט גויאישע ביכער? — האָט שמיליע נישט מיט זיין קול גענומען ליאַרמען. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך קאָנוווּלסיוו געוואָרפן און געשליידערט אויף זיין צעטומלטן זון.

— טאַטע! געוואַלד, טאַטע!

— הולטאַי! רוף מיך נישט טאַטע! — האָט שמיליע מיט אַ פּאָר־כאַפּטן אָטעם געשריגן. און איז נאָך מער אויפגעבראַכט געוואָרן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון אַן אינעווייניקסטער קאַפּאָטע־קעשענע דעם קאַנטשיק וואָס ער האָט פאַרגעסן איבערלאָזן אין דער היים, ער איז אים איצט צונוץ געקומען. אַ האָגל פון רימענע שמיץ האָט זיך גענומען שיטן אויף פּיניעס פּנים, האַלדז און נאַקן...

— טאַטע! — האָט ווידער פּיניע גענומען זיך בעטן — האָב רחמנות — טאַטע, ברענג מיך נישט אַרויס פון די כלים.

ער האָט זיך געוועדט און פאַרטיידיקט מיט זיינע אָרעמס, מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס געזיכט. אָבער דעם קאַנטשיקס לאָקשן האָבן זיך אַכזריותדיק איינגעביסן אָן אַלעס וואָס איז געקומען אין וועג.

שמיליעס קול איז בעת מעשה געגאַנגען עד לב השמים.

— משומד! גוטע יאָרן האָב איך דערלעבט! כדאי געווען מקריב זיין זיך פאַר דיר; ציען פון מיר די קליי, ווערן, שונאי ציון, אויסגעריסן, אויסשפּייען די לונגען ביים קנעלן מיט פערציק קינדער און אויסהאַלטן אַ משומד... הולטאַי! זאָלסט מער אויף מיינע אויגן נישט קומען. אויף דיין קאָפּ זאָלן פאַלן מיינע טרערן, — האָט ער איצט כליפּענדיק אַ פאַרמאַטערטער קוים גערעדט.

אַ מאַכטלאָזער פון אַזאַ נערוון אויפטרייסלונג, האָט ער זיך גע־

נומען גיין צום הינטערשטן אַרויסגאַנג פון קלויז, איבערלאָזנדיק פּיניען אין ווינקל, צווישן וואַנט און הרובע, מיט אַ צעבלוטיקט פּנים און גע־דראָלענע הענט...

***

קיינער האָט זיך גאָרנישט אַרומגעקוקט וואָס שמיליע דער מלמד איז נישט געקומען אין שול יענעם פרייטיק צו נאַכטס.

נאָכן דאַווגען, ווען מעקיטע דער שבת־גוי האָט גענומען פאַרלעשן די לאָמפּן אין קלויז, איז פּיניע געשטאַנען באַהאַלטן הינטער דער הרובע ביז דער גוי איז אַוועק.

איצט דאָ, אין דער פינצטער, אַליין צווישן שטומע שטענדערס, האָט זיך ביי אים ערשט געעפנט אַ קוואַל פון טרערן.

— רבונו של עולם! ווי דערנעמט זיך צו אַ מענטשן אַזאַ רציחה?

— האָט פּיניע מיט יאָמער גענומען טענהן. — איז דען פאַראַן אַ גרע־סערע עבירה ווי אַריינפאַלן אין כעס? עס איז דאָך ממש עבודה זרה. קען דען געמאָלט זיין אַ גרעסערער חלול השם ווי אָנפאַלן אין מיטן אַ מקום קדוש אויף אַן אייגן קינד מיט קולות און מכות רצח?

ער האָט גענומען שפּרייזן אַרום דעם בעלעמער אין דער פינצטער, ווי אַ געראַרטער פון זינען, האַלטנדיק זיין צעוויטיקדיקן קאָפּ איינגע־קלעמט מיטביידע הענט.

— נישט אומזיסט — האָט ער איצט גענומען ריידן צו די שטענ־דערס ווי צו לעבעדיקע צושויערס — יאָ, נישט אומזיסט איז די מאַמע יונג פון דער וועלט געגאַנגען... און זיי בנימין און יידל, זענען זיך צע־לאָפן ווי פאַרסמטע מייז... ניין, איך האָב ביז איצט מיין טאַטן נישט גע־קענט.

פעטער לייזער, דער מאַמעס ברודער, האָט מיך צוגענומען פון דער היים, ווען איך בין נאָך גאָר אַ קינד געווען. מיך אָפּגעהאַלטן אין דער ישיבה ביז אַכצן יאָר. און איצט וואָס וועט זיין?

ער האָט זיך צוגעשלעפּט צו אַ פענצטער פון דער דרום־וואַנט, און

האָט פאַרלוירן מיט זיינע אויגן געוואַנדערט אויף דעם שטעטל. קיין שיין האָט ער פון ערגעץ נישט געזען. מען איז נאָך געוויס געזעסן ביים סדר הינטער פאַרהאַקטע לאָדן און טירן. אַ לאַנגע ווײַלע איז ער אומבאַוועגלעך דאָרט געזעסן.

פלוצלינג האָט ער באַמערקט ווי עפּעס אַ מאָדנער מענטשלעכער שאָטן וואָס טראָגט עפּעס אויף די הענט, דערנענטערט זיך איבער דעם שול־הויף, צום קלויז, דאַן איז ער אַוועק פון פענצטער און האָט זיך אונטערגעלייגט אונטער אַ לאַנגער באַנק און האָט געוואַרט צו זען וואָס דאָ וועט פאָרקומען...

— 5 —

אין עק שטאָט, ווו עס הויבט זיך אָן דער זאַמדיקער שליאַך, וואָס פירט צום דייטשן צווינטער, געפינט זיך דער וואָלאָסט, אַ פעסטע געביידע מיט אַ סך שיינע פענצטער. זיינע רויט־געפאַרבטע ווענט און די ווייסע פענצטער־ראַמען, זיין שיינער מיט ציגל־געדעקטער דאַך, פאַרכאַפּט דאָס אויג פון יעדן דורכגייער.

אין יענער נאַכט האָט זיך דאָרט בלויז אין איין זייטיקן פענצטער געלויכטן.

אַ הענג־לאָמפּ האָט דאָרט באַלויכטן אַ טיש מיט גרינעם פּליוש באַדעקט. אויף די ווענט, האָט מען קוים אין שאָטן געקענט זען די פּאָרטרעטן פון רוסישע אַדל־לייט און געוועזענע קיסרים, ווי פּיאָטר דער גרויסער, יעקאַטערינע די צווייטע, אַלעקסאַנדער, א. א. וו.

באַזונדער גרויס איז געווען דער פּאָרטרעט פון צאַר ניקאָלאַי, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט ביים שרייב־טיש.

נעבן דאָזיקן פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, אַ גרויסער צוויי־קעפּיקער אָדלער פון מעטאַל אויסגעגאָסן און מיט גאָלד באַדעקט.

אין די נאַציאָנאַלע חגא־טעג פלעגט אויף יענער געביידע פלאַטערן די רוסישע פאָן און מוזיק פלעגט שפּילן אין דעם טאָג פון „קאָראָנאַציע“. פאַר דער נאַטשאַלסטווע און סתם רעגירונגס־באַאַמטע פון האָראָשקע און אַרומיקן געגנט.

אין יענער נאַכט פון פאַסקווע האָבן אין פריער דערמאָנטן זאַל, ביי אַ באַלויכטענעם גרינעם טיש, דריי פּאָר הענט געשפּילט אין אָקע.

די שיין פון דעם נידעריקן הענג־לאָמפּ איז נאָר געפאַלן טאַקע אויף אָט די הענט.

לויט די אַרויסגעזעצענע אַרבל האָט מען געקענט וויסן, אַז צוויי פּאָר הענט האָבן באַלאַנגט צו אוניפאָרמירטע לייט.

דאָס דריטע פּאָר הענט איז געווען פון אַ פּראָסטן בשר ודם.

אין יענער טונקעלער און פול מיט ציגאַרעטן־רויך אַטמאָספער האָבן זיך די דריי מענטשן איינס דאָס אַנדערע נישט געזען, אָבער דאָך האָט מען עפּעס ביים פּראָסטן פאַרשוין די אונטערשטע רייע ציין געקאָנט באַמערקן. קינד און קייט וואָלטן אים אַפילו אין יענעם מאָמענט דערקענט. דאָס איז געווען ניסל דער סאָטניק, אַ ייד מיט אַ פאַרקויפטער גויאישער נשמה. ער איז געווען פּונקט אַזוי הויך ווי זיין ברודער חנא דער בעדער, מיט אַנדערהאַלבן קעפּ העכער פון אַ דורכשניטלעכן מענטשן.

ער פלעגט אין גאַס קיינמאָל נישט גיין אַליין, נאָר מיט אַ פּאָר סטראַזשניקעס (פּאָליציסטן) ביי דער זייט און אַ גראָבן שטעקן אין האַנט. ער האָט נישט געטראָגן קיין אוניפאָרם, נאָר עפּעס אַ בלעכל אונטער אַ לאַץ אַלס צייכן אַז ער איז אַ פיר־אויגענדיקער. אַ סאָטסקי.

ווער עס האָט אויף אים צום ערשטן מאָל אַ קוק געטון, האָט זיך געטראַכט, אַז ער, ניסל, איז ספק ייד, ספק גוי. יעדן דורכגייער אין גאַס האָט ער דורכגעשטאָכן מיט זיינע צוויי ביסטרע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער זיין גלאַנציקן דאַשעק. דער גאַנצער פּנים זיינער איז געווען פון אַ מערדער. אָן אַ שיעור שראמען, צייכנס פון אַמאָליקע געשלעגן מיט אונטערוועלט פאַרשוינען, האָבן אויף אייביק פאַרקריפּלט זיין אפשר אַמאָליק יידיש פּנים. אָבער מער פון אַלעס, וואָס האָט זיין פּנים צוגעגעבן אַ בייזן געשטאַלט, איז געווען די אָפּגעביסענע אונטערשטע ליפּ.

אין זיין יוגנט, ווען ער איז נאָך אַ ליפעראַנט געווען, פלעגט ער זיך וואַלגערן אין די טראַקטירן און שיכורן מיט די גויים צוגלייך.

אין איינעם אַזאַ שיכורן צושטאַנד האָט ער זיך מיט זיינעם אַ גוטן

ברודער „סומאנקע" אַזוי שטאַרק צעקושט אַז סומאנקע איז געבליבן מיט נ״סלס אונטערשטער ליפּ ביי זיך אין מויל...

דערפאַר האָבן ניסלס אונטערשטע ציין אַרויסגעסטארטשעט אין ד׳רויסן. גערעדט האָט ער אַ פּערפעקטן רוסיש, ווי אַן אמתער „גראכאָס־נער" און שטענדיק האָט ער זיך ארומגעטראָגן אין גאַס מיט אַ גרויסן פּראָטאָקאָל־בוך.

אָרימע בעלי־בתים, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַזוי גיך באַצאָלן זייער „סטראַכאוּוקע" פאַר דער שטוב, זענען אָפּטמאָל אים נאָכגעלאָפן אין גאַס און פאַר אים געחלשט, ער זאָל זיי אָפּגעבן די ליבסטע און די בעס־טע זאַכן, וואָס ער האָט אין יענעם מאָמענט אַוועקגענומען ביי זיי פאַר אַ משכון...

— סטייטש, ניסל — פלעגן זיי זיך נעבעך ביי אים בעטן — ווו איז יושר? מילא „זיי", זענען דאָך ערלים, אָבער דו, דו ביסט דאָך עפּעס אַ ייד מבני רחמנים: האָב מיטלייד, גיי אַריין אין מיין „פּאָלאָזשעניע", (לאַגע, סיטואַציע)...

אָבער ניסל האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און נישט זעענדיק. ער האָט זיך געשפּאַנט צווישן די צוויי סטראַזשניקעס וועלכע האָבן גע־טאסקעט טייערע יידישע חפצים צום „וואָלאָסט".

איצט, אין יענער פסח־נאַכט, איז ער געזעסן אין וואָלאָסט און גע־שפּילט אין קאָרטן מיטן אוריאדניק קאָזלאָווסקי און סליעדאָוואטל קאָ־וואַליוק.

— עס גייט דיר, — האָט זיך אַ געוויסן מאָמענט אָפּגערופן קאָוואַ־ליוק — אַזוי ווי מען זאָגט ביי אייך יידן, ווי אַ רשע אויף יענער וועלט. וואָס איז מיט דיר ניסל? עפּעס ביסטו מיר צופיל פאַרטראָגן...

— „פּראַוודאַ!" (אמת) ברודערל, — ענטפערט ניסל קוקנדיק אין זיינע קאָרטן — איך טראַכט ווו האָט זיך געקאָנט אַהינטון מלכה בריי־נע, מיין ברודערס דינסט־מויד... יעדעס מאָל וואָס זי ווערט אַנטרונען, קומט זי אין אַ צייט אַרום מיט אַ ממזר אויף די הענט, וואָס איך דאַרף מיך נאַכהער באַמיען אַריינגעבן אין זשיטאָמירער „פּריוט" (אַזיל). אַזאַ אומפאַרשעמטע, וועלכער שוואַרץ יאָר קוקט זיך אויף איר אום? זי איז

דאָך מיאוס ווי דער טויט... מע זאָל זי שניצן און מאָלן דערקענט מען אויף איר פּעט לייביקן קערפּער נישט אַפילו אין די הויכע מאָנאַטן... פּלוצים ווערט זי נעלם, און וואַרפט זיך אַריין אין קימפּעט אין ווער ווייסט וועלכער כאַטקע... דאָס מאָל איז שוין אַוועק צופיל צייט...

— זי דינט שוין אַ היפּש ביסל יאָרן ביי דיין ברודער אָט די שטיק בהמה — האָט קאָזלאָווסקי באַמערקט. — וואָס הייסטו? מיין ברודערס זעקס בנים האָט זי אַלע אויסגעכאָוועט אויף אירע הענט... אַזוי ווי דו קוקסט זי אָן שמט זי אויף אַ באַדייטנדער שטיק אוקראַינע. איך האָב געהערט אָנרופן איר נאָמען אין אַ שטעטל גאַנץ ווייט פון האָראָשקע, עפּעס אַ ייד האָט זיך אַרויסגעכאַפּט דאָרט מיט אַ נאַרישקייט, האָט אים אַ צווייטער אַ זאָג געטון: — זיי נישט קיין מלכה ברײנע... פּונקט ווי מען זאָגט דאָ ביי אונדז.

דערהערנדיק אַזאַ זאַך האָבן ביידע פּאָליציי־לייט דאָן אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. עס איז זיי גלאַט געפעלן צו הערן נאָך אַנעקדאָטן וואָס שמעקן מיט יידישן הומאָר. אָבער פּלוצלינג האָט זיך די טיר פון דעם זאַל אויפגעעפנט און דער גאָראָדאָוואָי, וואָס היט דעם טויער, איז אַריין און געזאָגט:

— גאָספּאָדין וואָלאָך (ניסלען האָט ער געמיינט), עפּעס אַ ייד פרעגט זיך אויף אייך. ער זאָגט, אַז עס איז דרינגענדיק.

אינדרויסן איז געשטאַנען פּיניע, שמיליע דעם מלמדס, און האָט גע־ציטערט ווי אַ לעמל. ער האָט שווער געסאָפּעט ווי ער זאָל געווען אָפּטון עפּעס אַ מין עבודת פּרך.

דערזעענדיק ניסלען שטיין אויף דער שוועל, באַלויכטן פון דער העלער לבנה־שיין, איז ער צוגעלאָפן צו אים מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— קומט, רב... ני... ני־סל... גיכער, וועט איר זען וואָס אין קלויז טוט זיך... נעמט נאָך פּאָליציי מיט זיך...

— וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר פּאַסירט דאָרטן? — איז ניסל אין כעס געוואָרן

— איר וועט שוין זען, וועט איר. אָבער קומט גיכער. מיט פּאָ־ליציי...

— זיי נישט קיין מלכה ברײַנע — האָט ניסל, אַנבויגנדיק זיך, אַ זאָג געטון שטיל פיניען גלייך אין פנים אַרײַן — מען דאַרף נישט קיין פּאָליציי... וואָס עס זאָל זיך נישט אָפּטון אין אַ מקום קדוש טאָר קיין ערל נישט וויסן...

פיניע האָט אויפגעציטערט, הערנדיק אַזעלכע דיבורים.

— דאָס רעדט איר אַזוי ניסל, ניסל? דאָס זענען דאָך רייד פון אַ... אַ... צדיק!

— נו, קום שוין, „דוראַק" (נאַר) איינער — האָט ניסל אַ נעם געטון פיניען פאַר אַ האַנט.

אויפן וועג צום קלויז, האָט ניסל אַ פרעג געטון.

— ווי גייט עס עפּעס מיטן רוסיש לערנען, פיניע?

— פרעגט נישט, — האָט פיניע טרויעריק אָפּגעענטפערט און האָט אים דערציילט וואָס פאַר אַ פּסק ער האָט געהאַט פון זיין טאַטן, ווען ער האָט אים געכאַפּט מיטן טריף־פּסולדיקן רוסישן גראַמאַטיקע־ביכל.

— גוט, טאָ וואַרף אַוועק דיין עובר בטלדיקן טאַטן און שלאָג כפּרות מיט רייזען דיין שטיפמאַמע, פאַרנעם זיך אינגאַנצן פון דאַנען. איך וועל דיר געבן אויף הוצאות קיין זשיטאָמיר. אין אַ גרויסער שטאָט וועסטו נישט פאַרפאַלן ווערן. זיי ביי מיר אין שטוב איבער פּסח. קיין סדרים וועל איך פאַר דיר נישט פּראַווען אָבער כשר פּסחדיקס וועסטו עסן. מיין יידענע איז נאָך דערווייל פרום ווי אַ טוטערין...

רעדנדיק אַזוי זענען זיי אַריין אין קלויז. ניסל האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ באַנק אונטער דעם ערשטן לאָמפּ, וואָס ער האָט דערזען און עס איז געוואָרן ליכטיק.

פיניען האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן און ער האָט אויסגעשריגן: גיט אַ קוק ר׳ ניסל!

אויף אַ לאַנגער באַנק, נישט ווייט פון דער טיר, איז געלעגן אַ גע־בונדענער שגץ מיטן פנים אַראָפּ, די הענט אויף הינטן און די פיס גע־פענטעט. ער איז געלעגן אַ פריטשמעליעטער און אויף דעם אַנטבלויזטן קאָפּ אַ וווּנד, וואָס האָט אַביסל געבלוטיקט. אָפּגערוקט אַביסל ווייטער אויף דער זעלבער באַנק, איינגעהילט אין פּעלישקעס, האָט אַ פּיצל קינד זיך געוואָרפן און ווי ערשט געוואָלט נעמען וויינען.

— דאָס האָסטו אים אַזוי צורעכט געמאַכט, אָט דעם דבר אחר, פיניע? — האָט ניסל אַ צופרידענער אַ פרעג געטון.

— יאָ.

—בראַוואָ! לאָמיר אים אָפּבינדן און אויפמונטערן.

— איך ווייס נישט — האָט פיניע געשטאַמלט — ווו עס האָט זיך צו מיר גענומען אַזאַ שמשון הגיבורס גבורה... עפּעס איז מיר אַלעס אַזוי צום האַנט געקומען. מיט אָט דעם לייכטער וואָס איציע שמש האָט פאַר־געסן אויפן פענצטער האָב איך דעם ערל דעם קאָפּ געפּלעט. און ערשט היינט אינדערפרי האָט איציע דאָ, אונטער דער באַנק, אָט די שטריק אַוועקגעלייגט, זאָגנדיק אַז עס קאָן אפשר אַמאָל צונוץ קומען. אָבער... איר זענט כאָטש אַ מבין וואָס דער שגץ האָט דאָ געוואָלט אָנטון? עס שמעקט דאָך מיט אַ בלוט־בלבול...

— לאָמיר דערפון קיין ווערטער נישט מאַכן. מיר וועלן נאָר אויסגעפינען ביי אים ווו ער האָט דאָס קינד גענומען — האָט ניסל גערעדט, ווען דער שגץ איז שוין געזעסן אויף דער באַנק און זיך געהאַלטן ביים קאָפּ.

— זאָלסט מיר שוין זאָגן, וואנקא — האָט זיך ניסל געווענדעט צו דעם שגץ — ווער די מאַמע פון קינד איז.

— יאָ, יאָ... — האָט וואנקא מיט טויט־שרעק גערעדט — איך בין נישט שולדיק, אויף מיין וואָרט... מען האָט מיר געהייסן...

— איך וויל פון גאָרנישט וויסן. — האָט ניסל טרייסלענדיק דעם שגץ געליאַרעמט — קום, ווייז מיר, ווער זי איז, אַניט ווערסטו ביי מיר פאַרפוילט אין אָסטראָג...

און אַלע דריי מיטן קינד אויף ניסלס הענט, זענען אַרויס פון קלויז, זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף דער סלאָבאָדע.

*****

שפּעט אין דער נאַכט, ווען חנא דער בעדער איז געשמאַק געשלאָפן, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענער. עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אָן דעם לאָדן פון פענצטער ביי זיין בעט.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער אויסגעשריגן, אויפוועקנדיק מיט זיין געשריי פערלען, זיין ווייב.

— עפן די טיר — האָט אַ באַקאַנט קול געענטפערט.

— אָ, דאָס ביסטו, ניסל? וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?...

— פרעג נישט קיין קלאָץ־קשיות ווערסט שוין אַ סימן האָבן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבן זיך אַריינגעשטעלט אין קיך דריי פּער־זאָן, איינע פון זיי, מלכה ברײנע די דינסט־מויד מיטן קינד אויף די הענט.

— אָט האָסטו זי, די דינסט־מויד דיינע, — האָט ניסל אַ זאָג געטון צו פערלען.

— אַ וויסטער פינצטערער חלום אויף דיין פּנים! — האָט פערל געגומען קוויטשען — טפו, זאָלסטו ווערן, דו אומפאַרשעמטע מויד — און האָט זי אַ ריס געטון, אַז די מויד איז שיעור אומגעפאַלן און דאָס קינד האָט זיך צעוויינט.

**
*

ווען דער מאָרגנשטערן האָט אויפגעשיינט ביי ניסלס אַלקער אין פענצטער, זענען זיי ביידע, ניסל און פּיניע, געלעגן אויסגעצויגן אין אָנטון אויף צוויי געלעגערס. אַ זיסער שלאָף האָט זיך גענומען אַריינגיסן אין זייערע פאַרמאַטערטע גלידער...

**
*

רייזע דער אלמנהס רייד זענען נישט אַרויס פון מיין מאַמעס זינען. אומזיסט האָט מיין מוטער געהאַלטן אין איין בעטן בנימינען און יידלען, שמיליע דעם מלמדס בנים, אַז זיי זאָלן פון דאַנען אָפּשיקן אַ גט זייערע ווייבער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין דער היים.

בנימין, אַ פאַרברענטער אַנאַרכיסט, האָט זיך נישט געוואָלט אָפּ־געבן מיט אַזאַ קליייניקייט. ער האָט געהאַט וויכטיקע זאַכן צו דערליידיקן

— אַרויסדרייען זיך פון פּאָליציייאישע הענט, וואָס האָבן אים געהאַלטן אין איין פאַרפאָלגן. מען האָט אים נישט געטאָרט אַרויפלאָזן אויף דער שוועל פון אַ לאַנדסמאַנס שטוב.

יידל איז גלאַט געווען אַ חסר דעה וואָס האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט אויף קאָריענטעס, באַהערשט פון אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע. מען האָט אים דאָ גערופן „יידל שטעקעלע“, ווייל אין איין האַנט האָט ער געטראָגן זיין קירזשנער־מאַשינדל, און אין דער צווייטער — אַ לאַנג שוואַרץ שטעקעלע.

ווען איך בין געשטאַנען אויף פּראַקטיק פון פּסיכיאַטריע אין האָס־פּיסיאָ דע לאָס מערסעדעס, האָב איך דאָרט באַגעגנט יידלען אַרומ־שפּרייזן איבערן גאָרטן און ריידן צו די ביימער.

קיינער ווייסט נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען.

בנימין איז אויסגעגאַנגען אויף אַ בעטל אין יידישן שפּיטאָל. די איינציקע וואָס האָט זיך געפונען ביי זיין טויטן בעט איז געווען מיין מו־טער זאָל לעבן.

מיין מוטער האָט נישט אַזוי שטאַרק געוויינט נאָך בנימינען דעם אַנאַרכיסט וואָס וועט שוין מער נישט אָפּקומען אויף אָט דער זינדיקער ערד, נאָר זי האָט געיאָמערט אין יענעם מאָמענט מיט ביטערע טרערן אויף האָראָשקע, וואָס איז חרוב ונחרב געוואָרן און אירע ליכטיקע און האַרציקע קדושים וואָס זענען אומגעקומען מיט אַלערליי מיתות משונות, דורך אונדזערע בלוטדורשטיקע שונאים, וואָס דער אַלמעכטיקער גאָט, ברוך הוא, שיקט אָן אויף אונדז פון צייט צו צייט, מיטן אויסרייד, אַז מיר זענען נישט גענוג גוט און נישט גענוג פרום...

# ד״ר וולאַדימיר מאַקאַראָף

— 1 —

די געשיכטע וואָס שלמהלע האָט דערציילט פון דעם בלינדן „בערל דער ליכט־ציער״, וואָס האָט אין מיטן יום־כפור ביינאַכט אונטערגעצונדן די קלויז, האָט די געוועזענע ישיבה בחורים, איצטיקע סטודענטן, אַריינגעבראַכט אין אַ מאָדנער שטימונג. נעבן שלמהלען איז געזעסן ברוך גראסמאַן, אַ סטודענט פון דעם זעקסטן קורס מעדיצין, אַמאָליקער תלמיד פון דער זוועהילער ישיבה. ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און האָט אָנגעהויבן:

— עס ווייזט אויס אַז נישט איין „בערל דער ליכטציער״ האָט עקזיסטירט אין יענער צייט. אַ מאָדנע שריפה־עפּידעמיע האָט אַרומגעכאַפּט יענעם זומער אונדזער ראַיאָן. צווישן די טעג פון שבעה עשר בתמוז און תשעה באב זענען אַוועק מיטן פייער שטעטלעך, ווי איסקעריסץ, מאַלין, נישאמער׳, האָראָשקע און טשערניעכאָף און נאָך אַ סך וואָס איך קאָן מיך איצט נישט דערמאָנען. עס איז נישט אַוועק אַ נאַכט אַז דער הימל וואָס איז געהאָנגען איבער אונדזער שטעטל זאָל נישט אויפפלאַמען אין העליש פייער, דאָ אָדער דאָרט, אויפן האָריזאָנט. עס פלעג פאַרגליווערט ווערן דאָס בלוט אין די אָדערן ווען מען פלעג אין מיטן נאַכט דערזען אַ רויטן פלעק אויף דעם הימל. אויף מאָרגן האָט מען זיך דערוווסט ווו דער אומגליק האָט געטראָפן, און עטלעכע וועגענער מיט שפּייז פאַר די נשרפים זענען שוין געשטאַנען פון באַגינען, גרייט צו אָפּפאָרן אהין ווו דער חורבן איז געשען. דער אונטערצינדער האָט עפּעס געמוזט זיין אַ מין באַנומענער וואָס האָט געוויס געדאַרפט פילן אַ טייוולשן פאַרגעניגן צוזעענדיק דעם גיהנום פייער וואָס דערגרייכט עד לב השמים. אַ סך

זענען געווען מיט דער מיינונג, אַז דאָס האָט געמוזט זיין אַ עובדה פון אַ משומד, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַן אָרימען אורח, האַלט זיך אויף אין אַ בית־מדרש צווישן אַ סך אָרימע לייט, און ווען ער געפינט דעם גינס־טיקן מאָמענט, באַגייט ער דעם פאַרברעכן.

ביי אונדז אין שטעטל האָט מען זיך געריכט אויף דעם „פאַזשאַר" (שרפה) פונקט ווי אויף אַ פאַטאַלע פּאַסירונג וואָס מוז געשען. נישט היינט איז מאָרגן וועט דאָס שטעטל אָפּגעברענט ווערן. די זומערדיקע לאַנגע טעג האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן. אויף יעדן פרעמדן, איבער־הויפּט אָרימאַן וואָס פלעג אָנקומען פון וואָלסאצער שליאַך האָט מען גע־קוקט מיט פאַרדאַכט. ס׳זענען אַרומגעגאַנגען פאַנטאַסטישע לעגענדעס וועגן דעם וואָס וועט אונטערצינדן דאָס שטעטל. פינטשיק, דער צעדול־טער „זשיוואָפּיסעץ" (צייכענען) פון שטעטל, האָט זאָגאַר אויסגעמאָלט אַ בילד וואָס האָט אים, דעם אונטערצינדער, פאָרגעשטעלט אַלס אַ מין מעפיסטאָפעל וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פרומען אָרימען בעט־לער.

— יידן! — האָט ער איינמאָל אין מיטן מאַרק, מיט דער בילד אין האַנט אַ זאָג געטון — אַזוי זעט ער אויס דער וואָס וויל אונדז אומגליק־לעך מאַכן. האַלט אַן אויג אויף יעדן אורח וואָס האַלט זיך אויף אין בית־מדרש אָדער אין הקדש.

קיינעם איז נישט איינגעפאַלן צו פרעגן פון וואַנען ער ווייסט דאָס און די לעגענדע פון דעם פאַרמאַסקירטן מעפיסטאָפעל האָט זיך פאַר־שפּרייט איבער דעם גאַנצן אוקראַינער ראַיאָן. ווען די נאַכט פלעג נאָר צופאַלן, האָט עפּעס אַ מין אַנגסטליכער געפיל גענומען פייניקן פון קליין ביז גרויס, אַ מין מאָדנער פחד פאַרן שלאָפן־גיין האָט אַלעמען באַהערשט. און מען האָט ביי אונדז באַשלאָסן צו שטעלן יעדע נאַכט אַ וואַך פון אַ פופציק יונגעלייט, וואָס זאָלן פאַרהיטן די שטאָט פון סכנה.

עס האָט זיך פאָרמירט אַ „פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע" (פייערלעשער), מיט אַלע גינסטיקע מכשירים אויפן מיטן מאַרק ביים ברונעם. אויף דעם זעלבן ברונעם האָט מען אויפגעהאָנגען אַ גרויסן גלאָק, וואָס זאָל מיט זיינע טענער אויפטרייסלען די לופט אַזוי שטאַרק אַז עס זאָל אַפילו טויי־

טע קאָנען אויפוועקן. ערשט דאַן האָבן זיך די געמיטער אַביסל באַרו־
איקט.

פרייטיק ערב ראש השנה אינדערפרי, ווען פינטשיק דער מאלער
האָט אין מאַרק פאַר אַ גרויסן עולם אַגיטירט אַז מען זאָל פאַרשטאַרקן
די וואַך אויף דער שטאָט איידער רעגנדיקער אָסיען קומט אָן, ווייל דאָס
געפאַר איז גרויס און אָט־אָ דער משחית (אָנווייזנדיק אויף דעם בילד)
לויערט אויף דער שטאָט, האָט זיך אויף דעם וואלאסצער שליאַך וואָס
פירט צום מאַרק באַוויזן אַ מאָדנע מענטשלעכע פיגור, וואָס האָט דעם
עולם אויפגעשוידערט. וואָס נענטער דער אומבאַקאַנטער איז געקומען
צום מאַרק אַלץ קלאָרער האָט מען געקאָנט זען אַז פינטשיק האָט זיך
נישט טועה געווען: די זעלבע ברענענדיקע אויגן, מיט די פאַריסענע ברע־
מען, די זעלבע נאָז ווי אַ אָדלער־שנאָבל און שפיציק בערדל, אַפילו די
סאמעטענע אָפּגעבליאַקעוועטע צעקנייטשטע היטל און די צעפליקטע
שוואַרצע קאַפּאָטע וואָס פינטשיק האָט אויסגעמאָלט, זענען געווען די
וואָס דער מאָדנער גאַסט האָט געטראָגן. איין און דער זעלבער געדאַנק
האָט אַלעמען אַרומגענומען. ווי אַ חיה וואָס ווערט פלוצלינג היפּנאָטיזירט
אין דער אָנוועזנהייט פון אַ שלאַנג, אַזוי איז דער פילקעפּיקער עולם אויף
אַ ווײַלע שטיין געבליבן שטיל און מיט די אויגן צוגעשמידט צום פרעמדן
וואָס האָט זיך מיט אַ טייוולשער חוצפּה לאַנגזאַם דערנענטערט.

נישט שענקענדיק קיין שום אויפמערקזאַמקייט דעם צעשראָקענעם
עולם האָט ער איבערגעשפּרייזט דעם מאַרק ווי אַ לונאַטיקער, נאָך אים
דער גאַנצער המון. עס האָט אויסגעזען ווי עפּעס ציט זיך דורך דעם מאַרק
אַ שטילע לויה נאָך אַן אומזיכטבאַרן מת.

ענדלעך איז דער המון שטיין געבליבן ביים טויער פון שול־הויף און
מען האָט אים באַגלייט מיט די אויגן ביז ער האָט איבערגעטראָטן די
שוועל פון דעם גרויסן בית־מדרש...

— 2 —

עס שטייט מיר נאָך עד היום פאַר די אויגן, דאָס וואָס האָט זיך
אויף מאָרגן, דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, אָפּגעשפּילט אין בית־מדרש
פאַר קריאת התורה.

ביים גביר פון שטאָט איז געבוירן געוואָרן דאָס דריטע יינגל; די ערשטע צוויי זענען אין דעם זעלבן טאָג פון ברית געשטאָרבן, אָפּגייענדיק מיט בלוט. די בייזע ירושה וואָס הייסט „העמאָפיליא" האָט געערשט אין זיין פרויס משפחה זייט עטלעכע דורות. ווי עס איז באַקאַנט, ליידן פון אָט דער אָנשיקעניש בלויז זכרים און זי ווערט איבערגעגעבן בירושה לויט פאָלגענדע נאַטירלעכע געזעצן:

ערשטנס, ביי אַ פּאָר פאָלק קאָן דער מאַן זיין אַ געזונטער און די פרוי די ירושה־איבערגעבערין, קומט פון זיי אַרויס אַ דור וואָס די העלפט צאָל זכרים זענען העמאָפיליקער און די העלפט צאָל טעכטער זענען ירושה־איבערגעבערינס. צווייטנס: ווען דער מאַן איז אַ העמאָפיליקער און די פרוי אַ געזונטע, זענען אַלע זין געזונטע און אַלע טעכטער די איבערגעבערינס: העלפט פון די אייניקלעך זכרים זענען העמאָפיליקער און העלפט פון די אייניקלעך נקבות זענען איבערגעבערינס. די „העמאָפיליאַ" באַשטייט אין דעם וואָס דאָס בלוט האָט נישט די פעאיקייט צו ווערן פאַרגליווערט ווען זי ווערט אַרויסגעשטויסן פון די אָדערן, דערום איז זי שווער צו פאַרהאַמעווען. די מינדסטע וווּנד קאָן אַרויסרופן ביי די העמאָפיליקער אַ געפערלעכן בלוט־שטורץ.

ביי אַזעלכע פאַמיליעס איז דאָס געבוירן ווערן פון אַ זכר, אַן אומגליק. די עלטערן לעבן שטענדיק אין שרעק פאַר דער צוקונפט פון דעם וואָס זיי האָבן אויף דער וועלט געבראַכט. ביי אונדז יידן ווערט באַלד דאָס יינגל העמאָפיליקער געשטעלט אין געפאַר...

ביים גביר פון אונדזער שטעטל איז געווען אַ טאָג פון טרויער, ווען דאָס דריטע יינגל איז געבוירן געוואָרן. דער ברית האָט געדאַרפט אויספאַלן פונקט שבת דעם ערשטן טאָג ראש־השנה.

ער, דער גביר, האָט זיך אַן עצה געהאַלטן מיט דעם רב, וועלכער האָט בשום אופן נישט געלאָזט אָפּלייגן דעם ברית־מילה און ער זאָל דוקא פאָרקומען אין בית־מדרש פאַר קריאת־התורה, אין דער אָנוועזנהייט פון דעם גאַנצן קהל.

מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון זשיטאָמיר דעם בעסטן דערפאַרענעם

מוהל און די גאַנצע שטאָט האָט זיך געגרייט צו אָט־אָ־דער אויסערגע־וויינלעכער צערעמאָניע.

— 3 —

מער פון אַלע יאָר איז אין יענעם ערשטן ראש־השנה פרימאָרגן דער בית־המדרש געווען איבערפולט מיט מתפללים. דורך די גרויסע פענצ־טער האָבן זיך אַריינגעגאָסן סנאָפּעס שטראַלן פון דער יום־טובדיקער זון, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די צאָלרייכע זיידענע טליתים און קלאָר־ווייסע קיטלען. אַ באַזונדערע הערלעכע ליכטיקייט האָט זיך צו־זאַמענגעגאָסן אויף דעם מזרח־, האַרט ביים אָפענעם ארון־קודש, ווו עס איז געווען איינגעאָרדנט די כסא של אליהו, אויף וועלכער עס איז איצט געזעסן דער רב. די זילבערנע עטרה וואָס האָט באַקרוינט דעם טלית האָט פון זיין קאָפּ אַראָפּגעשימערירט ווי טויזנטער פינקעלדיקע בריליאַנטן און האָט נאָך מער צוזיבעראַפּטיק געמאַכט זיין הדרת־פּנים, אויף וועלכן עס האָט שטענדיק געשוועבט אַ לייטזעליקער שמייכל. אַ קרייז פון אונדזערע חשובסטע זקנים אין טליתים מיט ענלעכע עטרות אויף די קעפּ האָט אַרומגערינגלט יענעם אויבנאָן. אָן אַ זייט לעבן רב איז געשטאַנען אַ טישל אויף וועלכן עס איז געווען צוגעגרייט אויף אַ טעצעלע דער חליף, די מאַרליע־וויקעלעך און שטיקלעך וואַטע איינגעטונקען אין אַ וויאָלעט־קאָלירנע וואַסערל. אין מיטן טישל איז געשטאַנען אַ גאָלדענער בעכער אָנגעפולט מיט וויין. דער מוהל, אַ מענטש מיט אַן איידל געזיכט, וואָס האָט אויסגעזעען אַביסל אומרואיק, האָט זיך געפּאָרעט ביים טישל. אַ היי־ליקע שטילקייט האָט אין יענעם מאָמענט געשוועבט איבער דעם גרויסן עולם אין בית־מדרש.

צו דער באַשטימטער שעה, ווען אַלעס איז שוין געווען גרייט, האָט זיך די טיר פון בית־מדרש ברייט אויפגעעפנט און דער פאָטער מיטן קינד אויף די הענט האָט זיך דאָרט באַוויזן. פאַראויס האָט דער שמש גע־מאַכט אַ וועג צווישן דעם עולם וואָס האָט זיך געצויגן פון טיר ביז דעם ארון קודש. דאָס קינד אויף די הענט איז געלעגן אויף אַ ראָזעווע זיידן

קישעלע און צוגעדעקט מיט אַ פּליושענער קאָלדערעלע אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבן מיט גאָלדענע ווערטער זיין געבוירן־טאָג. אין יענעם מאָמענט איז עס געשלאָפן, און קוקנדיק אויף זיין אויט געזונט פּנימל וואָלט קיינער נישט געקאָנט זאָגן אַז עס לויערט איצט אויף אים אַ בייזע ירושה־געפאַר. אויף דעם פּאָטערס בלאַסן געזיכט איז געווען קענטלעך דער שטורעם וואָס קומט איצט פאָר אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. וואָס נענטער ער איז געגאַנגען צום אויבנאָן, אַלץ וואַקלדיקער און ציטערדיקער זענען געוואָרן זיינע טריט...

מיט אַ ברייטן ברוך־הבא און אַ געהעריקע תפילה האָט דער רב אָפּ־גענומען דאָס קינד ביים פאָטער. אַ ווייל האָט ער עס געהאַלטן צוגעדריקט שטאַרק צו זיין האַרץ און מיט גרויס כוונה פאַרגעזעצט די תפילה, נאָכ־הער איז דאָס קינד איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט צו די זקנים וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם רב, ביז עס איז ווידער איבערגעגעבן געוואָרן צו אים דורך דעם בעל־ברית...

אַ שטיקל צייט האָט נאָך געגומען ביז עס האָט זיך ענדלעך דער־הערט די ברכה וואָס דער מוהל האָט געמאַכט, און באַלד האָט די שטילע לופט פון דעם גרויסן בית־המדרש־חלל אויפגעטרייסלט און פול געוואָרן מיט אַ קינדערש האַרץ־רייסנד קולכל.

נישט איין מאָל האָבן די ספרי־תורה, וואָס האָבן זיך אַרויסגעזען אין יענעם מאָמענט פון דעם אָפענעם ארון־קודש, געמוזט הערן דאָס ווייי־געשריי פון אַ פּרוי וואָס פלעגט אַהין אַריינפאַלן מיט אַ געבעט ביים רבונו של עולם פאַר אַ מאַן אָדער אַ קינד. אָבער קיינמאָל ביז יענעם ראש השנה־פרימאָרגן האָבן נאָך יענע „רייניקייטן“ נישט אויפגענומען אַזאַ צאַפּלדיק געשריי וואָס האָט ביים קינד אויסגעפּראַלט ווען דעם מוהלס חלפל האָט זיך איינגעשניטן אין זיין לייב...

דאָס קולכל האָט זיך מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט: דאָס קינד האָט זיך פאַרגאַנגען, און עס איז בלוי געוואָרן, פריי האָט דער עולם אָפּגעאָטעמט ווען עס האָט זיך נאָך אַמאָל געלאָזט הערן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך דער מוהל געפּאָרעט ביי דעם, אי־בערבייטנדיק אַלע ווילע די וואַטע און די מארליע, אָבער דאָס בלוט האָט

גענומען שטראָמען ווי פון אַן אומענדלעכן קוואַל. די צייט האָט זיך גע־צויגן און דאָס אומרואיקייט איז געשטיגן ביי די וואָס זענען געשטאַנען נאָענט און צוגעזען ווי דער מוהל פּאָרעט זיך שוין צו פיל... דאָס בלוט הערט נישט אויף צו שטראָמען; דעם קינדס פּנימל ווערט בלאַסער. עס פאַרשווינדט די פאַרב פון זיינע ליפּעלעך, זיין געוויין ווערט שוואַכער, ביז עס ווערט אין גאַנצן פאַרשטיקט...

— רבותי! — האָט זיך פּלוצלינג דערהערט דעם מוהלס קול, דאָס בלוט וויל נישט פאַרהאַמעוועט ווערן, עס איז אַן אומגליק!

באַלד האָט זיך פון דעם עזרת נשים געלאָזט הערן אַ געשריי פון אַ פרוי. דאָס האָט דעם קינדס מוטער אויסגעפּראַלט אין אַ געוויין. אַ ביטערער געיאָמער האָט זיך גענומען טראָגן פון דער ווייבערשער שול און האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם געמורמל פון די מענער.

אין יענעם מאָמענט האָט עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך פּאַסירט: אַן אָרימער אורח וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסן ביי אַ סטענדער לעבן דער הרובע, איינגעהילט אין אַן אַלטן טלית, האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און האָט אַ געשריי געטון:

— יידן! לאָזט מיך צו צום קינד, איך גיי דאָס אָפּראַטעווען.

דער עולם האָט אויפגעציטערט און זיך אויסקערנדיק צום מערב־פּראָנט האָט מען דערזען אַז דער אורח איז נישט קיין אַנדערער ווי דער וואָס איז נעכטן אָנגעקומען מיט דעם וואלסאצער שליאַך.

נישט פאַרלירנדיק קיין צייט האָט ער זיך דורכגעשפּאַרט ביז צו יענעם אָרט. דער רב, די זקנים, דער פאָטער און דער גאַנצער עולם האָבן געשטוינט.

דער אורח האָט דעם מוהל אָפּגערוקט אין אַ זייט און האָט זיך אַנ־געבויגן איבערן קינד, וואָס איז געלעגן אַ פאַרחלשטע.

— געשווינד, ברענגט אַהער די מאַמע, האָט דער אורח שטרענג באַ־פוילן, און צום פאָטער האָט ער אַ זאָג געטון:

— וויפיל יינגלעך זענען ביי אייך געשטאָרבן פון דער מילה?

— צוויי — האָט דער פאָטער מיט אַ ציטער אַ שטאַמל געטון.

— ווי אַזוי האָט איר געוואַגט צו שטעלן אייער קינד אין אַזאַ סכנה?

— איך האָב מיך באַראַטן מיטן רבין — האָט דער בעל ברית גע־ענטפערט מיט ציטערדיקע ווערטער.

— און איר, רבי, האָט זיך דער אורח איצט געווענדעט צום רב און אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט עפּעס געגליט אַ פּייערל, ווי האָט איר געקאָנט פאַרגעסן דעם דין פון תלמוד וואָס פאַרבאָט מל זיין קינדער ווען צוויי זענען פון דער וועלט געגאַנגען צוליב מצות מילה?

אַ ווײַלע האָבן זיי זיך ביידע שטיל אָנגעקוקט און נאָכהער האָט דער רב מיט זיין געוועלנלעכער גוטמוטיקייט אַ זאָג געטון:

— פרעג נישט קיין קשיות, טו וואָס דער מלך עליון האָט דיר באַ־פוילן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן אַרויסגערופן ביים עולם גרויס אַנטציקונג און מיט אָטעם־פאַרכאַפּונג געוואַרט וואָס ווייטער וועט דאָ פאָרקומען.

אין יענעם מאָמענט האָט מען געבראַכט די מאַמע פון דעם קינד. אָן לשון, באַהערשט פון אַ שרעקלעכער ספּאַזמע, האָט מען זי דאָרט אַוועק־געזעצט לעבן יענעם טישל. נישט צום קינד זענען אירע טאַמעוואַטע אויגן געווען געווענדט נאָר צו אַן אומבאַשטימטן פונקט ערגעץ ווער ווייסט ווו צו וועלכע עולמות.

דער אָרימער אורח האָט אַנטבלויזט איר לינקן אָרעם, וואָס זי האָט אָנגעשפּאַרט אין טישל, ער האָט מיט איין האַנט גענומען איבערציען דעם טלית איבער זיין קאָפּ, גלייכצייטיק האָט זיין צווייטע האַנט עפּעס גע־נישטערט אין זיין בוזעם־קעשענע. קיינער האָט נישט געקאָנט זען וואָס ער טוט מיט דער פרויס אָרעם אונטער דעם טלית: באַמערקט האָט מען נאָר ווי זי האָט זיך אַ צאַפּל געטון פון עפּעס אַ ווייטיק וואָס זי האָט גע־מוזט דערפילן אין יענעם מאָמענט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען דערזען אַז דער אורח האָט געהאַלטן אין האַנט אַ שטיק מאַרליע איינגעטונקען אין בלוט. איצט האָט ער זיך גענומען צום קינד, ער האָט די פאַרבלוטיק־טע שטיק מארליע גענומען וויקלען אַרום דעם געשניטענעם קינדס אבר... ווי אַן אמתער געניטער מוהל. אויף דעם מוטערס אָרעם האָט מען באַ־מערקט אַ בלוט־צייכן. געשווינד האָט דער אורח פאַרוויקלט דאָס קינד מיט אַ וויקל־שנור און איינבויגנדיק זיך איבער אים, איז ער נישט אָפּ־

געטראָטן ביז עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע סמנים פון אויפלעבונג. ביסלעכווייז האָבן זיך דעם קינדס פאַרגלייזטע אייגעלעך געעפנט, באַוועגן און זיינע ליפעלעך זיך רויטלען, ביז עס האָט ווידער אויסגעפראַלט אין אַ פאַרכליפּעטן געוויין.

ערשט דאַן האָט זיך די מאַמע אויפגעכאַפּט, און דער עולם האָט פריי אָפּגעאָטעמט.

מיט דעם גאָלדענעם בעכער וויין אין האַנט און אויף דעם באַקאַנטן ניגון האָט דער וונדערבאַרער גאַסט גענומען זאָגן די ברכה און ער האָט אַליין אַ נאָמען געגעבן דאָס קינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער, ווען טאַטע־מאַמע זענען מיטן קינד דורך עטלעכע באַלע־באַטים אָפּגעפירט געוואָרן אַהיים, האָט מען זיך דאָ אין שול אַרומגעזען אַז דער אויסטערלישער אורח איז פּלוצלינג נעלם געוואָרן. זיין אָרט אין סטענדער ביי דער הרובע איז געשטאַנען ליידיק. דאָס האָט אויפגעשטו־רעמט דעם גאַנצן עולם, וואָס האָט געגאַפט פון גרויס איבעראַשונג.

— 4 —

דאָס פאַרשווינדן פּלוצלינג פון דעם אורח אין מיטן שבת און יום־טוב האָט פאַרשפּיצט די פאַנטאַזיע פון דעם אבערגלויביקן המון. אומע־טום האָט מען גערעדט, אַז דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער ווי אליהו הנביא, בכבודו ובעצמו, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרימאַן. אַזאַ וונדערבאַרן שפּיצל האָט נאָר ער געקאָנט אָפּטון. אָבער דעם אמת האָט מען זיך ערשט דערוווּסט שפּעטער מיט יאָרן צום קינדס בר־מצוה.

אַ פּאָר יאָר איידער דאָס קינד איז אויף דער וועלט געקומען, איז דורך דער רעגירונג אַראָפּגעבראַכט געוואָרן צו אונדז אין שטעטל אַ דאָק־טער מיטן נאָמען וולאַדימיר מאַקאַראָף.

ווען נישט ווען פלעגט מען זיך ביי אונדז דערוויסן פון פאַרשידענע דורכרייזנדע אַז דער דאָזיקער וולאַדימיר מאַקאַראָף איז אַ ייד. ער

שטאַמט פון רבנים און דיינים, און ער אַליין איז ביי די צוואַנציק יאָר־עלטער אויך געווען שוין אַ מופלג בתורה. אָבער זיין געשליפענער מוח האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג אָפּגעקערט פון דעם דרך הישר און אָט־אָ־דער איצטיקער וולאַדימיר, וועמען מען האָט דאַן גערופן וועלוועלע דעם רבינס, איז אַנטלאָפן אין דער וועלט. ער האָט זיך אויסגעוואַלגערט ווי ערגעץ אָ גרויסע שטאָט צווישן סטודענטן, בטלנים און אַקטיאָרן, געפירט אַ שטורעמדיק לעבן ווי אַ באָהעמער און האָט אַפילו פאַרביטן דאָס „רענדל" כדי צו קענען אָנקומען אין קיעווער אוניווערזיטעט. שווער איז געווען צו גלויבן אין אָט די אַלע מעשיות, ווייל דאָקטאָר מאַקאַראָף האָט אין זיך נישט פאַרמאָגט דעם מינדסטן שפור פון אַזאַ געהויבענעם יידישן אָפּשטאַם.

זיין אָנגעצויגן שטייף געראַזירט פנים, זיין מונדיר אַלס מיליטאַר־מעדיקער, זיין פּראַוואָסלאַוונער רוסישער אַקצענט האָבן נישט דערלאַזט דעם קלענסטן חשד אַז דורך זיינע אָדערן פליסט אַ טראָפּן יידיש בלוט.

געוווינט האָט ער לעבן דער פּאָסט אין אַ שיינעם מויער אַרומגעריגעלט מיט גערטנער, אַרומגעצוימט מיט אַן אייזערנעם שטאַכעט־פּאַרקן.

בלויז פריצים און רעגירונגס־באַאַמטע פלעגט מען דאָרט זען אַריין און אַרויסגיין. קיין יידישער פוס האָט נישט געוואַגט איבערטרעטן יענעם מויער, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ פּאַרצייטיקן אַדל־שלאָס. וואַנקאַ דער משרת זיינער, וואָס האָט גערעדט געזונט יידיש, פלעג זאָגן אַז דער „באַרין" זיינער הערט אַמאָל אויס מיט גרויס נייגע־ריקייט די פּליאָטקעס וואָס ער, וואַנקע, ברענגט אים פון גאַס. מען האָט אָבער מורא געהאַט אַפילו אַ פרעג טון ביי וואַנקען צי דער „באַרין" זעט אים אויס צו זיין אַ ייד.

עס האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאָנעזישע מלחמה און אַ שטיקל צייט נאָך ימים־נוראים איז ער צוגענומען געוואָרן אויף דעם שלאַכט־פעלד אַלס מיליטאַר־מעדיקער, און ער האָט זיך שוין מער צוריק נישט אומגעקערט.

געבראַכט האָט מען אַ ידיעה, אַז ביים אָפּטרעטן פון פּאָרט־אַרטור איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט אַ סך פון זיין רעגימענט.

זיין אָפּשטאַם איז פאָרט ביי אונדז פאַרבליבן אַלס אַן אומלייזבאַ־רער רעטעניש, נאָר איין מענטש האָט זיך יאָרן לאַנג אַרומגעטראָגן מיט דעם סוד וואָס וואָלאַדימיר מאַקאַראָף האָט אים פאַרטרויט.

דער דאָזיקער מענטש איז געווען אונדזער באַקאַנטער נגיד, וואָס האָט פאַר דעם געגרייטן טיש צו דעם זונס בר מצוה דערציילט פאָל־גענדעס:

— איצט איז געקומען דער מאָמענט, האָט דער פאָטער פון בר־מצוה גערעדט פאַר די געסט, אַז איך זאָל אייך דערציילן ווער יענער אָרימער אורח איז געווען.

אַ שטיקל צייט נאָך ימים־נוראים, אין אַ געוויסן אָוונט, איז צו מיר געקומען דער דאָקטער מאַקאַראָף. זיין וויזיט האָט מיך געוויינלעך אי־בערראַשט. דערשיינענדיק פאַר מיר אין אַזאַ שפּעטער שעה ביינאַכט אָנגעטון אין זיין אוניפאָרם, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שרעקלעכן איינ־דרוק, ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרטעט מיר מיט זיין וויזיט...

דערזעענדיק מיין פאַרלעגנהייט האָט ער צו מיר אַזוי אַ זאָג געטון אויף יידיש:

— זייט נישט איבערראַשט, איך בין געקומען זען וואָס מאַכט עפּעס אייער בן־יחיד.

— דאָקטער! האָב איך אַ דערציטערטער אויסגעשריגן.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט אַז איר זאָלט זיך האַלטן רואיק. איך וויל נאָר זען דעם רעזולטאַט פון מיין עקספּערימענט.

— פון וואָס פאַר־אַ עקספּערימענט רעדט איר, גאַספּאַדין דאָקטער?

— איך האָב אָפּגעראַטעוועט אייער קינד — האָט ער שמייכלדיק גענומען רעדן. — איך בין עס געווען יענער אָרימאַן... דורך וואַנקען מיין משרת האָב איך מיך דערוווסט אַז דעם ערשטן טאָג ראש השנה וועט מען יידישן אייער קינד אין בית־המדרש. אייער משפחה־פעלער איז מיר באַקאַנט. שוין יאָרן לאַנג אַז איך טראָג מיך אַרום מיט אַ געדאַנק צו קאָ־נען קורירן העמאָפיליקער מיט זייער מוטערלעך בלוט. עס האָט מיר אָבער

אויסגעפּעלט דער גינסטיקער פאַל. אייער קינד האָט מיר געגעבן די גע־לעגנהייט צו קאָנען דורכפירן מיין עקספּערימענט. אויסנוצנדיק דעם אַבערגלויביקן כאַראַקטער וואָס איז פון קדמונים אַזוי איינגעוואָרצלט אין דער פרומער סביבה, האָב איך מיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרימאַן: איך האָב דאָך אַלס סטודענט געצויגן מיין חיונה פון אַקטיאָרן־לעבן. אַזוי אַרום איז מיר געלונגען אַלס דאָקטער דורכפירן מיין גרעסטן עקספּערי־מענט פון מיין לעבן, וואָס וועט ברענגען אַ סך נוצן. אין דער צוקונפט וועט מען די העמאָפיליקער באַהאַנדלען מיט מוטערלעכע בלוט־איינשפּרי־צונגען.

אַנטציקט בין איך מיט מיין פרוי געשטאַנען און צוגעזען ווי ער קוקט אַן דאָס קינד. דעם דאָקטאָרס פּנים האָט געשטראַלט פון גליק, און ביי זיין אַוועקגיין האָט ער אונדז געדריקט די הענט און האָט אונדז געזאָגט:

— איך באַשווער אייך אַז דאָס זאָל פאַרבלייבן אַ סוד ביז דעם טאָג פון זיין בר־מצוה. דאַן, ווער ווייסט צי איך וועל שוין זיין צווישן די לע־בעדיקע. היינטיקע נאַכט פאָר איך אָפּ צום פראָנט, נאָר ווי עס זאָל נישט זיין זאָלט איר דאַן ביים טיש דערמאָנען מיין נאָמען און אין אייערע אויערן זאָלט איר דערהערן אויך דעם אָפּקלאַנג פון מיין ברכה: אים מגדל זיין לתורה לחופּה ולמעשים טובים.

מיט פייכטע אויגן האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון אונדזערע הענט און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם חשכות פון יענער אסיען־נאַכט.

# דער געטויפטער

— 1 —

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט: דאָס שטעטעלע איז געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. אויסער די שוואַכע ליכט פון נר־תמיד, וואָס מען האָט געקאָנט באַמערקן אין אַ פּאָר פענצטער פון יעדן בית־המדרש, איז אומעטום געווען פינצטער אין יענער סוף אלול־נאַכט.

פון צייט צו צייט האָט דאָס גרילצן פון אַ נאַכט־פויגל זיך אַריינגעריסן אין יענער פינצטערער שטילקייט און האָט אָפּגעהילכט איז עטלעכע ווידערקלאַנגען אין פאַרשידענע פוסטע געביידעס, וואָס דאָ און דאָרט האָבן זיך געפונען...

פון די אַרומיקע פעלדער און וועלדער האָט דאָס ווינטל אונדז צוגעבראַכט, ווען נישט ווען, דעם זשום פון באַשעפענישן, וואָס פלאַדיען זיך צווישן די קוסטעס און זומפּן. עס האָט זיך אויך געטראָגן איבער דעם שטעטל דאָס שווערע אָטעמען פון מייזנערס פאַראָוועו מיל דאָרט פון יענער זייט טייך ביים וואַלד, מאַכנדיק דעם איינדרוק, אַז דאָס כריפּעט אַזוי אַ ריז וואָס שלאָפט געשמאַק אין וואַלד.

צוויי מענטשן האָבן זיך אין יענעם מאָמענט באַגעגנט אין מיטן מאַרק אויף דעם פריער באַשטימטן פּלאַץ, דאָס איז געווען מענדל דער קברן און איציע דער שמש פון קלויז.

— קומט, רב מענדל — האָט דער שמש אַ שעפּטשע געטון — אָט דאָ טראָג איך דעם גויאישן אָנטון, וואָס מיר דאַרפן אויף דעם אויסוווּרף אַרויפציען. דער רב האָט באַפוילן, אַז ער טאָר מער נישט פאַרבלייבן אין הקדש. דאָס שטיקל אַרבעט מוז געטון ווערן איידער יאַקאָב קומט אייננהייצן די באָד.

— יאָ, האָט מענדל געענטפערט: עס וועט זיין גוט אויב ער לעבט נאָך. אָבער וואָס וועט זיין אויב ער איז שוין געשטאָרבן.

— איז פאַרפאַלן, וועלן מיר אים מוזן ברענגען צו קבר־ישראל, אָט ז״עם רשע, ווענעמס ביינער האָבן געדאַרפט שוין לאַנג פאַרפאַלן ווערן צווישן גויים. אָבער איך מיין, אַז ער וועט נאָך אַריינציען אין יום־טוב.

ריידנדיק אַזוי, זענען זיי צוגעקומען צום הקדש. ביידע האָבן אָנגע־שפּיצט זייערע אויערן, ווען מענדל האָט אויפגעשלאָסן די טיר.

פון דעם פינצטערן חלל האָט זיך צו זיי דערטראָגן דאָס כאָרכלען פון אַ מענטשן וואָס גוססט.

— ער זשיפּעט נאָך, האָט דער שמש אַ זאָג געטון — איצט צינדט אָן אייער לאַמטערן, ר׳ מענדל.

די שוואַכע שיין פון דעם לאַמטערן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די פאַרגלעזטע אויגן־אַפּלען פון משה קאזליק, וואָס איז אַ פּאָר יאָר אָפּגע־ליגן אין הקדש אַ געליימטער.

דאָרט, אויף דער ערד אין דעם גרויסן הקדש־צימער, אויף אַ שטרויע־נעם געלעגער, איינגעהילט אין צעפליקטע און פון מייז־צעפרעסענע שמאַ־טעס, האָט זיך משה קאזליק געמאַטערט אויף דעם טויט. ער איז געווען אַזוי באַוואָקסן, אַז מען האָט קוים אַרויסגעזען זיין איינגעשרומפּענעם פּרצוף. די צוויי מענטשן זענען אַ ווילע געבליבן שטיין נעבן אים צו־ריקגעהאַלטן. אַ עיפּוש האָט זיך פון זיין צעפּוילטן קערפּער געטראָגן ווי פון אַ נבלה. דורך די לעכער פון די צעריסענע שמאַטעס האָט זיך ערטער־ווייז אַרויסגעזען זיין לייב באַזעצט מיט מכות.

ביי דער שוואַכער שיין פון לאַמטערן האָט מען געקאָנט באַמערקן ווי ווערעם און כלערליי מיאוסקייטן קריכן אויף אים.

— אויף אַלע שונאי־ישראל געזאָגט געוואָרן — האָט דער שמש אַ ברום געטאָן צו זיך אַליין. — וואָס ווייסט איר וואָס פאַר אַ געברענטע ליידן ער האָט אונדז אָנגעטאָן. — האָט דער שמש איצט זיך געווענדט צום קברן, וועלכער האָט תמיד געלעבט עט ווייט הינטערן שטאָט אין אַ הייזקע ביים בית־עלמין. דער רוח ווייסט פון וואַנען ער האָט זיך גענו־מען צו אונדז און ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן. ער פלעגט פלוצלינג

ווי פון דער ערד אויסוואַקסן אין מיטן מאַרק אָדער סתם אין גאַס און באַלד פלעגט ער אָנוואַרפן אַ שרעק און אַ בהלה. איידער מען האָט זיך נאָך אַרומגעקוקט האָט זיך שוין אויף זיינע פּלייצעס געצאַפּלט אַ קינד, ווי אַ שעפעלע צו דער שחיטה. ער איז געווען אַ קינדער־כאַפּער, אַ פּאַר־קריפּלטע נשמה.

— איצט וועלן מיר אים איבערטאָן, — האָט נאָך אַ קורצער פּויזע באַפעלעריש אַ זאָג געטאָן דער שמש. אוןביידע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

— 2 —

די קינדער־כאַפּערס זענען געווען נידעריקע ברואים וואָס האָבן גע־פירט אַ צווייפאַכיקן לעבנסשטייגער.

מעגלעך, אַז עפּעס אַ קרענקלעכע פּרענאַפּאַטישע ירושה, מיט וועל־כער יענע אויסוואורפן זענען אויף דער וועלט געקומען, פלעגט אין אַ גע־ויסן פּעריאָד פון זייער לעבן זיך אויסדריקן מיט גרויזאַמע טאַטן. אָבער כדי צו קענען פּאַרווירקלעכן גרוילטאַטן און נישט ווערן באַשטראָפט, מוז מען געוועגלעך זיין אַ לעגאַליזירטער תליון.

עס איז גאָר קיין חילוק נישט צווישן דעם תליון, וואָס קעפּט מיט אַ גיליאָטינע אָדער הענגט אויף אויף אַ שטריק, און דעם וואָס מיט דער דערלויבעניש פון אַ רעגירונג רייסט אַוועק פּיצלעך קינדער פון טאַטע־מאַמע און דערפירט זיי צום שמד אָדער צו לאַנג־יעריקן מיליטער־דינסט און אַזוי ווייטער.

די יידישע קינדער־כאַפּערס זענען אָבער געווען אייגנאַרטיק אין זייער מיאוסן פאַך.

זיי האָבן פאַרמאָגט צוויי פּנימער און צוויי נשמות.

איר האָט געדאַרפט דעם קינדער־כאַפּער זען ביי זיך אין דער היים, אין זיין געבורט־שטעטל.

אַ באַלעבאַטישער ייד מיט אַ הדרת־פּנים געשטאַלט, וואָס קומט אַהיים פון זיין ווייטער נסיעה, אַלס וואָיאַזשאָר. עס וואַרט אויף אים די

פאַמיליע מיט שוין דערוואַקסענע זין און טעכטער, צו וועלכע ער באַ־ציט זיך צערטלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פאָטער אַ רייזנדער ייד, אָפּטמאָל אַ בן־תורה אַפילו, באַציט זיך צו אַלעמען מיט אַזאַ אומשולדיקער תמימות, וואָס מאַכט דענקען, אַז ער קאָן אַפילו קיין פליג אויף דער וואַנט נישט טשעפּען. פאַר דער צייט וואָס ער איז אין דער היים, וואָס קאָן דויערן אַ פּאָר מאָנאַטן, טוט ער קיין האַנט אין קאַלט וואַסער נישט און פירט אַזאַ באַשיידן לעבן פון דעם פאַרדינסט, וואָס ער האָט געבראַכט, אַז אַפילו די פאַמיליע זיינע דענקט, אַז דער טאַטע איז אַן אויסגעצייכנטער סוחר, וואָס האַנדלט מיט טויזנטערליי אַרטיקלען איבער גאַנץ רוסלאַנד...

דער דאָזיקער נאָרמאַלער צושטאַנד זיינער געדויערט עטלעכע מאָנאַטן, ביז אין אַ געוויסן טאָג הייבט ער אָן ווערן אומרואיק. עס באַפאַלט אים אַן אַנגסטלעכער פאַרלאַנג צו לויפן אין דער וועלט אַריין; עפּעס אַ מין דיבוק כאַפּט זיך אַריין אין אים, וואָס לאָזט אים נישט רוען דורך די נעכט. ער קעמפט אַ שטיקל צייט קעגן דער דאָזיקער קליפּה, וואָס שטויסט אים צו באַגיין שלעכטע מעשים, אָבער סוף־כל־סוף ווערט ער באַזיגט און ווערט פּלוצלינג נעלם פון דער היים, אָן אַ זיי־געזונט. ביז ער פאַרפאָרט אין יענעם ווייטן פרעמדן קאַנט, דאָרט וווּ מ׳קען אים נישט און מען ווייסט אים נישט, איז ער שוין פאַרוואַנדלט אין אַ אמתער חיה בצורת אדם. ער באַקומט דאָרט אַ מערדערישן פּנים ענלעך צו אַ קאַצאַפּ, אַ פעלד־גזלן, און נעמט זיך צו דער אַרבעט אַליין, אָדער מאַנכעס מאָל בקאָמפּאַניע מיט נאָך אַזעלכע דעגענעראַטן ווי ער.

אָט, צו יענעם סאָרט נידערטרעכטיקע ברואים האָט באַלאַנגט אונדזער קאזליק. ער האָט, דאַכט זיך, זיי אַלעמען איבערגעשטיגן מיט זיינע שמד־שטיק און בעסטיאַליטעטן.

ער האָט אויף זיך געטראָגן דעם שטעמפּל פון אַ געבוירענעם קרימינאַל, וואָס וואָלט געדאַרפט שטיין אויף קייטן פון קינדווייז אָן. זיין שמאָלער שטערן, זיין פאַרשפּיצטער קאָפּ, זיין פלאַטשיקע נאָז, די שטאַרק אַנטוויקלטע קינבאַקן, באַוואָקסן מיט אַ שטעכיק, שיטער בערדל; זיינע קליינע קיילעכדיקע אויגן און גרויסע אויערן און נאָך עטלעכע

שטריכן האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער איז פיל נאָענטער צו דעם מין מאַלפּעס, וואָס הייסט „גאָרילע״, ווי צום מענטשלעכן מין. פון זיין מויל האָבן זיך שטענדיק געשאָטן אָפּגעהאַקטע זידל־ווערטער אויף גוי־איש און יידיש, באַגלייט מיט אַ קוויטשיק הילכיק געלעכטערל, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ גרויל איבערן לייב.

ער פלעגט אָנפאַלן אַזוי אומגעריכט אויף זיין קרבן, אַז איידער וואָס ווען, איז שוין דאָס עופּהלע געליגן אויף זיינע אַקסלען. דאָס קינד, וואָס ער האָט נאָרוואָס אַרויסגעריסן פון דער מוטערס האַנט אין מיטן מאַרק.

די מאַמע פלעגט אין יענעם מאָמענט בלייבן שטיין אַ פאַרגליווער־טע אָן לשון. און ערשט ווען דער אויסוואורף איז שוין געווען גאַנץ ווייט מיטן קינד, פלעגט זי אַריינפאַלן אין אַ ספּאַזמע, און דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט זיך צונויפלויפן אויף איר ביי־ווונדער.

מאַנכעס מאָל פלעגט ער זיך אַריינרייסן ערגעץ אין אַ קרעטשמע, ווו ער האָט דערשמעקט, אַז עס געפינט זיך אונטערוועגנס אַ פאָרפאָלק מיט אַ קינד.

אַזוי אַרום טאַקע האָט ער צוגערויבט ר׳ אהרעלעס בן־יחידל אין דער קרעטמשע, ווו דער יונגער רב האָט איבערגענעכטיקט אויף זיין רייזע צום שטעטל צו פאַרנעמען זיין פּאָסטן אַלס רב.

וואָס עס איז נאַכהער געוואָרן פון די אויסגעכאַפּטע קינדער אין יענער פינצטערער קאַנטאָניסטן־עפּאָכע?

דאָס רוב פון זיי זענען אָפּגעשמדט געוואָרן און האָבן אָפּגעדינט 25 יאָר מיליטער־דינסט.

אַנדערע אָפּגעשמדטע זענען אַדאָפּטירט געוואָרן פון קריסטלעכע קינדערלאָזע עלטערן, וואָס האָבן דאָס קינד דערצויגן לויט דעם שיכט, צו וועלכן די אַדאָפּטירער האָבן באַלאַנגט.

אַ סך קינדער, וואָס זענען געפאַנגען געוואָרן, האָבן זיך געהאַלטן שטאָל און אייזן ביים יידישן גלויבן, טיף פאַרבאָרגן אין זייער נשמהלע. ביז זיי האָבן זיך אויסגעדינט.

ביז דאָ נישט לאַנג פלעגט מען נאָך באַגעגענען אין אַ סך שטעט און

שטעטלעך אַלטע יידן, וואָס פלעגן זיך באַרימען, אַז זיי זענען אויסגע־דינטע „ניקאָלאַיעווער סאָלדאַטן”: אויף זייערע לייבער האָבן זיי נאָך געטראָגן די צייכנס פון די שמיץ, וואָס זיי האָבן אַריינגעכאַפּט בעת דעם מיליטער־דינסט.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, אַ סך יאָרן נאָך דער קאַנטאָניסטן־עפּאָכע, ווען משה קאזליק איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און מען האָט שוין געמיינט, אַז ער איז ערגעץ אומגעקומען, האָט מען אים געטראָפן ליגן הינטערן שטאָט אַ געליימטן. מען האָט באַלד צו וויסן געגעבן דעם רב, רב אהרעלען, וועלכער האָט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל אים אַריינוואַרפן אין הקדש.

און אַזוי איז ער אָפּגעלעגן אַ פּאָר יאָר און זיינע קולות האָט מען געקאָנט הערן גאַנצע טעג און נעכט אין די הייזער אַרום דעם הקדש, ביז זיינע לעצטע שעהן האָבן זיך דערנענטערט און דאָ איז צוגעפאַלן דער ערב ימים־נוראים.

דער רב האָט דעם דאָזיקן רשע נישט געקאָנט מוחל זיין פאַר דעם, וואָס ער האָט זיין קינד אַוועקגעגעבן אין גויאישע הענט. האָט ער געהייסן דעם שמש פון קלויז און דעם קברן אַז מען זאָל אים אָנטון גויאישע קליידער און זען באַשטאַטן אים ערגעץ, קוים ער לעבט, אַז שטאָט זאָל זיך מיט אים נישט דאַרפן מתעסק זיין מיט ברענגען אים צו קבר־ישראל.

לאַנג האָבן זיך דער שמש און דער קברן געפּאָרעט אַרום דעם צעפוילטן גוסס אין יענער נאַכט. דאָס לאָמטערנדל איז געשטאַנען אויף דער ערד און האָט שוואַך באַלויכטן דעם גרויסן חלל פון הקדש־צימער. אויף דער וואַנט, צו וועלכער דער גוסס איז געווען צוגעטוליעט, האָבן זיך די צוויי מענטשלעכע שאָטנס ווי געאַמפּערט צווישן זיך. דאָס האָבן זיי פון משה קאזליקס קערפּער געריסן שטיקער פלייש, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אין די שמאַטעס און ביי יעדער ריס האָט זיך זיין מאַלפּיש פּנים אַ קרום געטון פון גרויס ווייטיק. אָבער קיין קרעכץ האָט ער שוין נישט געהאַט קיין כוח צו אַרויסלאָזן. דער עקלדיקער ריח וואָס האָט געשלאָגן פון זיינע אויפגעריסענע מכות איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער און אומדערטרעגלעכער, ביז ע ראַיז אינגאַנצן געבליבן נאַקעט. אויף גיך

האָבן זיי אויף אים אַרויפגעצויגן דעם גויאישן בגד און מיט גרויס מי
האָבן זיי אים אַרויסגעטראָגן פון הקדש.

— 3 —

דורך די פענצטער פון די מזרח־ווענט פון די דריי בתי־מדרשים, וואָס זענען געשטאַנען אויף דעם גרויסן שול־הויף אַרומגערינגלט דורך אַ הויכן פּאַרקאַן, האָט מען געקאָנט זען דעם פלאַכן רוקן פון דעם באַרג הינטערן שטאָט פון יענער זייט טייך.

פּאַר מיינע צייטן געדענק איך, האָבן נאָך עקזיסטירט אויף יענעם באַרג שפּורן פון דער אַלטער „באָלניצע" (שפּיטאָל), וואָס איז הרוב געוואָרן אין דער ערשטער נאַכט פון ראש־השנה, צוריק מיט אַ סך יאָרן.

די דאָזיקע געשיכטע, וואָס ווערט דאָ דערציילט, איז איינע פון די פיל לעגענדעס, וואָס זענען פאַרבליבן פון יענעם רעגירונגס־שפּיטאָל, אין וועלכן קיין יידישער פוס האָט נישט געטאָרט אַריינטרעטן.

בלויז קריסטן און משומדים האָבן געהאַט דאָס רעכט און די זכיה צו שמאַכן און צעפוילט ווערן אויף די בעטלעך אין די פּאַלאַטעס, אונטער דער השגחה פון שווערע צלמים און גרויסע איקאָנעס, וואָס האָבן באַצירט זייערע ווענט. די גובערניע פלעגט בלויז אין צייט פון אַן עפּי־דעמיע־אויסברוך באַזאָרגן דעם שפּיטאָל מיט אַ עובר־בטל־געוואָרענעם דאָקטאָר און עטלעכע פאַרוועלקטע נאָנעס, וואָס פלעגן זיך דאָרט האַלטן ביזן טויט, וואָס האָט זיך לאַנג פאַר זיי נישט געלאָזט וואַרטן.

ווען עפּעס אַ מגיפה פלעגט אָנהאַלטן מער ווי די טבע איז, פלעגן לאַנגע פּראָצעסיעס זיך ציען פון די אַרומיקע דערפער צו יענער פאַרוויסטער באָלניצע, אונטער די קלאַנגען פון קלויסטער־גלעקער. דאַן פלעגן זיך די יידן פון שטעטל פאַרזאַמלען אין די בתי־מדרשים, ווי אין אַן עת־צרה, אויף צו בעטן גאָט, אַז עס זאָל נעמען אַ סוף צו דער מגיפה. אַז מען זאָל חלילה נישט באַשולדיקן די יידן אַלס פאַרסמער פון די ברונימער און אָזערעס, ווי די גויים פלעגן באַשולדיקן די יידן אין די צייטן פון מיטלאַלטער.

מיט צעשראָקענע, אויסגעשטאַרטשעטע אויגן פלעגן די יידן אַרויס־קוקן דורך די פענצטער פון די בתי־מדרשים און זען ווי עס קריכן אויף דעם באַרג לאַנגע שורות קירכן־פענער, צלמים־טרעגער, גלחים און אַ גרויסן המון...

נאָך אַזעלכע עפידעמיעס, וואָס פלעגן, ווער ווייסט אין וועלכן זכות, פאַרשוונדן ווערן, פלעגט זיך צום שטעטל אומקערן שלום־ושלוה עקזיס־טענץ, ווו עס פלעגט פולסירן דאָס עכט־פרומע לעבן, וואָס איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט געוואָרן אין יענע דורות.

יענעם זומער האָט געבושעוועט אַ שטאַרקע קאַרבונקלאָ־עפידעמיע צווישן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער, און די באָלניצע איז אָנגע־פולט געוואָרן מיט געפערלעך קראַנקע. האָט די גובערניע אַראָפּגעשיקט עטלעכע דאָקטוירים און פעלדשערס, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער יונגער דאָקטער שימאַנסקי. דער סך־הכל איז געווען, אַז דער צווינ־טער איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גרויסער צאָל הילצערנע צלמים.

סוף זומער, ווען די עפידעמיע איז ענדלעך באַקעמפט געוואָרן, איז דער יונגסטער באַהאַוונטער מעדיקער, דאָקטאָר שימאַנסקי, פאַרבליבן דער איינציקער אויפזעער פון באָלניצע.

פאַרבליבן זענען דאָרט בלויז געציילטע, וואָס האָבן אים גאָר קיין אַרבעט נישט געגעבן. ער האָט זיך דאָרט שטאַרק געלאַנגווייליגט און האָט געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקן ווו ער איז אין דער וועלט. ער פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג און כאַפּן פיש ביים טייך צופוסנס פון דעם באַרג, אָדער סתם זיצן אויף אַ בענקל ביים טויער פון שפּיטאָל און קוקן אַ פאַר־טראַכטער אויף דער לאַנדשאַפט אַרום דעם באַרג. זיין בליק פלעגט זיך אַמאָל אָפּשטעלן אויף דעם שטעטל, וואָס ליגט פון יענער זייט טייך. פון דעם אָרט ווו ער איז געזעסן, האָט ער דאָס געקאָנט אַרומנעמען מיט איין בליק.

פיאָטר שימאַנסקי איז שוין געווען אַ מענטש אין די דרייסיקער, וואָס האָט צו 26 יאָר געענדיקט דעם קיעווער אוניווערזיטעט.

אין דעם זעלבן טאָג, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן זיין שבועה, אַז ער וועט אָרנטלעך און הומאַניטאַריש זיין אין דער מעדיצינישער אַרבעט,

האָט אים אויף זיין קוואַרטיר דערוואַרטעט אַ בייזע בשורה: אַ בריוו אַז זיין מוטער איז געשטאָרבן. איר טויט איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַזוי ראַפּטאָם, אַז ביז דער דאָקטער איז פון שטאָט אַראָפּגעקומען, איז זי שוין געווען ווייט אָפּגעשיידט. אַזוי האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט דער פּאָטער זיינער, פריץ לעאָניד פּעטראָוויטש שימאַנסקי.

דער זון האָט אַפילו נישט געהאַט די זכיה צו זיין אויף דער לויה. געטראָפן האָט ער נאָר דעם אַלטן אַ דערשיטערטן און אַ צעבראָכענעם, אַרומגערינגלט פון די דינער און משרתים, וואָס האָבן אים געדינט פאַר זייער געהאַלט, אָבער אָן דעם מינדעסטן פונק פון צערטלעכקייט און פריינטלעכקייט.

דער אַלטער האָט זיך געגנויטיקט אין אַ האַרץ־פריינט, וואָס זאָל מיט איבערגעגעבנקייט פאַרצירעווען אַ ביסל זיין ווונד. פּאָטער און זון האָבן זיך גאַנצע טעג איינער דעם אַנדערן פון אויג נישט אָפּגעלאָזט. אָבער דער אַלטער איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג מער מעלאַנכאָליש. פון צייט צו צייט פלעגט ער אַריינפאַלן אין אַזאַ צושטאַנד, וואָס פלעגט דעם יונגן דאָקטאָר פאַרביטערן דאָס לעבן.

דער אַלטער פלעגט גאַנצע טעג זיצן אין אַ ווינקל און הוסטן און זיפצן, נישט וועלן עסן, אָפּגעזונדערט פון אַלעס, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט. מאַנכעס מאָל האָט דער אַלטער גערעדט צו זיך אַליין, ווי אַ משוגענער, אויף זיין געלעגער ביינאַכט.

דער זון פלעגט אויפשפּרינגען און צוגיין צו אים און זיך איינהערן וואָס דער אַלטער רעדט, אַזוי אַרום שטייענדיק אין דער פינצטער ביי זיין בעט, האָט ער זיך דערוווּסט פון אַ סך זאַכן, וואָס ער האָט ביז דאַן נישט געוווּסט.

— פּאָטער, איז דער זון איינמאָל צו אים צוגעשטאַנען, עס איז שוין צייט אַז דו זאָלסט זיך באַרואיקן; מיט דיין נישט עסן און נישט שלאָפן וועסטו גאָרנישט מאַכן. וואָס ווילסטו?..

— וואָס איך וויל, פרעגסטו? — האָט דער אַלטער מיט זיינע לעצטע כוחות אַרויסגעשטאַמלט. — איך קאָן אָן איר נישט לעבן. איר געשטאַלט שטייט מיר פאַר די אויגן און רופט מיך צו זיך. זי איז אַוועק

אַזוי פּלוצלינג, אַזוי אומדערוואַרט. איך האָב מיך געפּונען נעבן איר טויטן קערפּער אַזוי עלנט. איצט פאַרלאַנג איך נאָר איין זאַך, אַז דער טויט זאָל קומען וואָס גיכער.

זי איז געשטאָרבן אָן ודוי, אָבער איך וויל מיך מתודה זיין.

מאַך ליכטיק, האָט דער אַלטער נאָך אַ קורצער פּויזע אַ זאָג געטון. ער האָט זיך אויפגעזעצט און האָט אַ צי געטון פאַר אַ לאַנגער סטענגע, וואָס איז געהאנגען איבער זיין צוקאָפּנס. עטלעכע מאָל האָט ערגעץ אין דעם הויף אָפּגעקלונגען אַ גרויסער גלאָק. באַלד האָט עמיצער אויף אַ מאָדנעם הייזעריקן קול זיך אָפּגערופן:

— איך הער!

עטלעכע ווידערקלאַנגען האָבן איבערגעחזרט די דאָזיקע פּאָר ווער־טער.

— ווּעמען רופסטו, פּאָטער?

— איך רוף דעם ביינאַכטיקן סטאָראָזש (וועכטער), מאָסייען, ער זאָל מיר ברענגען דעם פּאָפּ (גלח), דו קענסט אים?

— ווּעמען מיינסטו?

— מאָסייען, ער איז אַ מענטש אַ ריז מיט אַ פּנים פון אַ „אָבעזיאַ־נע" (מאַלפּע), אַ ייד וואָס אַנטלויפט פון יידן ווי פון פייער.

— אַ ייד, וואָס אַנטלויפט פון יידן, זאָגסטו? — האָט זיך דער זון געחידושט.

— יאָ, ווייל ער איז געווען אַ קינדער־כאַפּער, קינדער וואָס מ'האָט נאָכהער אָפּגעטויפט... און דו ביזט אויך אַ געטויפטער.

— טאַטע! טאַטע! וואָס רעדסטו? — איז דער זון אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט.

ער האָט דעם אַלטן גענומען אַרומטאַפּן, געפּרוווט דעם דופּק, גע־מאָסטן די היץ.

דער אַלטער האָט שווייגנדיק באַטראַכט דעם בחור וועמענס שטי־מונג עס האָט זיך מיט אַמאָל אַ בייט געטון.

— ניין, אָרימער בחור, איך בין נישט פון זינען און איך רעד נישט פון היץ: עס איז דער ריינער אמת. איך בין נישט דיין פּאָטער און די־

ביזט אַ געטויפטער ייד. הער און שטוין, האָט דער אַלטער מיט אַ טאָן פון באַדויערונג גערעדט.

— אויטאָמאַטיש האָט זיך דער פּאָטער אַראָפּגעלאָזט אויף זיין שטול און ער האָט גערעדט:

— צוועלף זענען זיי געווען, אַלע אויסגעשטעלט אין אַ שורה אויף דעם בעלעמער ביים גרויסן אַלטאַר. דער קלויסטער איז געווען פול מיט „פעליגרעסן" (מתפללים), וואָס האָבן געשמאַק געדאַוונט אין יענעם „קרישטשעניע"־טאָג, און האָבן מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט ביז דער מאָמענט פון טויפן די צוועלף „יידן" וועט קומען.

דו ביזט געווען דער עלטסטער פון זיי, קוים זעקס יאָר ביזטו אַלט געווען. מיט דיר טאַקע האָט מען אָנגעהויבן. דער פּאָפּ איז צוגעגאַנגען צו דיר מיטן בעכער וואַסער, וואָס מען האָט נאָר וואָס געהייליקט אויף דעם פאַרפרוירענעם טייך אין דעם אויסגעהאַקטן צלם, און פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער מיט גרויס כוונה באַטאָנט:

— פּיאָטר, איך טויף דיך אין דעם נאָמען פון פאָטער, זון און היי־ליקן גייסט. פון היינט און ווייטער באַלאַנגסטו צו דער אמתער פּראַ־וואָסלאַוונער אמונה, וואָס וועט דיך באַשיצן פון אַלעם בייז. זאָלסט זיין אַן אויפריכטיקער קריסט און נישט פאַרשוועכן דעם נאָמען פון „הייליקן פּפּיאָטר", וואָס איך גיב דיר אַלס נאָמען.

ביי די רייד האָט ער דיך באַשפּריצט און האָט צוגעלייגט דעם גאָל־דענעם צלם מיט דעם געקרייציקטן צו דיינע ליפּן.

דאָס זעלבע איז געטון געוואָרן מיט אַלע אַנדערע, וועמען דער פּאָפּ האָט אַ נאָמען געגעבן יעדן נאָך אַן אַנדער „אַפּאָסטאָל".

אין קלויסטער, אין דער ערשטער רייע, זענען מיר ביידע, איך מיט דער אַלטער, געשטאַנען אַלס צושויער און נאָכפאָלגער פון דער דאָזיקער זעלטענער צערעמאָניע. מיר האָבן קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פון דיר, דיין איידעלער טרויעריקער פּנים האָט אויף אונדז ביידן געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. דו ביזט אונדז געפעלן געוואָרן, און אַזוי ווי מיר האָבן קיין קינדער נישט געהאַט, האָבן מיר דיך אַדאָפּטירט...

פּיאָטר איז די גאַנצע צייט, וואָס דער אַלטער האָט געשילדערט די

שמד־צערעמאָניע, געזעסן פאַרטיפט און האָט געמישט אין זיין זכרון אַזוי, אַז אַלעס וואָס דער אַלטער האָט דערציילט איז אַרויפגעשווומען אויף זיין באַוווסטזיין און האָט באַקומען אַ לעבעדיקן יש. עס האָט אויפגעלעבט איצט פאַר זיינע אויגן נישט נאָר די שמד־פּראָצעדור, נייערט אייניקע מענטשלעכע געשטאַלטן, וואָס פלעגן זיך פאַר אים פלאָנטערן אין זיינע חלומות.

ווען ער האָט ענדלעך אויפגעהויבן זיינע אויגן, האָט ער זיך אַ צאַפּל געטון: ער האָט איצט אויף דער וואָר דערזען פאַר זיך אַ העסלעך געשטאַלט, וואָס פלעגט אים מאַטערן אין זיינע קאָשמאַרן.

— וואָס פאַרלאַנגט איר „באַרין" (באַלעבאָס), האָט דער אָנגעקומענער פאַרשוין, שטייענדיק ביים בעט ,אַ פרעג געטון דעם פּריץ.

— גיי, מאָסיי, געשווינד רופן דעם „באַטיושקאַ" (פּאָטערל, גלח).

— גוט, האָט יענער אַ מין רעווע געטון, און איז באַלד נעלם געוואָרן, וואַרפנדיק דערביי אַ פייערדיקן בליק צום יונגנמאַן, וואָס איז געזעסן אַ געפּלעפּטער.

— ווי קומט ער אַהער, אָט דער פאַרשוין? — האָט פּיאָטר אַ פרעג געטון ביים אַלטן.

— דורכפאָרנדיק דורך אַ שטעטל, האָב איך געזען ווי מען לויפט אים נאָך. ווען איך כאַפּ אים נישט אַרויף אויף מיין קארעטע, פאַרשטיינערט מען אים. איך האַלט אים פאַר אַ געטרייען הונט.

פּיאָטער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז צו צום פענצטער. אַ פולע לבנה האָט העל באַלויכטן דעם הויף און די סעדער אַרום דעם פּריצס פּאַלאַץ. ער האָט זיך עפּעס מיט אַמאָל דערפילט ווי ער זאָל זיך געפינען אין דער פרעמד.

יענע נאַ:ט האָט ער געוואָלט זיין מיט זיך אַליין, אָבער באַלד האָט זיך ווייטער דער אַלטער געלאָזט הערן:

— פּיאָטער, מיר האָבן דיך אויפגעצויגן ווי אַן אייגן קינד. די בעסטע פּראָפעסאָרן האָבן מיר פאַר דיר געהאַלטן. און דו האָסט דערגרייכט צו אַזאַ מדרגה, וואָס ביי דיינע יידישע עלטערן וואָלסטו אַפילו נישט געקענט חלומען, שוין אָפּגערעדט דעם פאַרגעניגן וואָס מיר האָבן דיר

צוגעטיילט. אָבער איצט, אויסער דעם טיטול דאָקטער, וואָס דו האָסט נאָרוואָס געקראָגן, בלייבט דיר גאָרנישט. מיין גאַנץ אייגנטום ליגט איצט אין פרעמדע הענט: איך בין אַזוי פיל שולדיק, אַזאַ בעל־חוב, אַז די האָר פון קאָפּ זענען נישט מיינע. נאָך מיין טויט פאַרבלייבסטו ווי אויף דעם וואַסער. אין אַ שופלאָד פון דעם שרייב־טיש ליגט פאַר דיר אַ רעקאָמענ־דאַציע צו אַ דירעקטאָר פון אַ שפּיטאָל אין דער גובערניע. נאָכדעם, אויב דו וועסט ווען, וועסטו זיך קאָנען אומקערן צו דיין גלויבן און אָפּזוכן דיינע עלטערן, אויב זיי לעבן נאָך. איך מיין, אַז דאָס איז דיין חוב. אויך אין אונדז זאָלסטו זיך אַמאָל דערמאָנען, צו יעדן יאָרצייט אַ בלום אויף אונדזערע קברים לייגן. מאַסיי וועט דיר קומען צו הילף, דענק איך. און איצט, לאָז מיך אַליין. באַלד וועט קומען דאָס פּאָטערל.

פּיאָטער האָט פאַרלאָזט דעם קראַנקנס צימער און איז אַריין אין קאַבינעט. ער האָט זיך אַ דערשעפּטער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ לאַנגער קאַ־נאַפּע, זיינע אויגן זענען געווען פאַרלאָפן מיט טרערן...

— 5 —

אָט־אָ־די אַלע דעראינערונגען זענען אַרויפגעקומען אויף דעם זינען פון יונגן דאָקטער פּיאָטער שימאַנסקי, וואָס מען האָט אַראָפּגעשיקט צו יענער באָלניצע היגטערן שטעטל, בעת ער איז געזעסן ביים טויער און האָט פון דעם באַרג אַראָפּגעקוקט אין טאָל.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער פון די שפּיטאָל־וועכטער זעט אים נישט, האָט ער אַרויסגעצויגן פון זיין בוזעם־קעשענע אַ יידיש ביכל און האָט דאָס אָנגעהויבן בלעטערן. ער האָט זיך אַליין געוווּנדערט פון דעם פּאָרשריט, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער יידישער שפּראַך. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז פון זיינע עלטערן ווייסט ער נאָך גאָרנישט, און מאַסיי איז ווי אין וואַסער אַריין.

דערמאָנענדיק זיך אין מאָסייען, וואַרפט ער אַ בליק אויף דער רעכ־טער האַנט, אין וועלכער עס געפינען זיך צייכנס פון אַ ביס פון ציין. צו־ליב די דאָזיקע צייכנס האָט אים מאָסיי דערקאָנט. דאָס דערקענען אים

איז פאַרגעקומען אין יענעם לעצטן אָוונט, וואָס ער, פּיאָטער, האָט גע־דאַרפט פאַרלאָזן שימאַנסקיס פּאַלאַץ. ער האָט דאַן אַריינגערופן מאסייען און האָט זיך מיט אים צערעדט:

— דו ביזט אַ ייד? — האָט ער דעם וועכטער אַ פרעג געטון.

— יאָ. פון וואַנען ווייסט איר? — האָט דער וועכטער איבערראַשט אַ פרעג געטון.

— פאַר זיין טויט האָט מיר דער פּריץ דאָס געזאָגט, און אַז דו ביזט געווען אַ קינדער־כאַפּער... דאָס ווייס איך אויך. — האָט ער איצט מיט אַ שטרענגן בליק דורכגענומען דעם וועכטער — פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון?

אַ ווײלע איז מאָסיי געשטאַנען אָן לשון און נאַכהער אַ זאָג געטון:

— איך בין נישט שולדיק געווען. עס האָט מיך געטריבן דערצו.

— וואָס האָט דיך געטריבן?

— איך ווייס אַליין נישט, עפּעס אַ „טשאָרט" (אַ רוח) האָט מיט מיר געקאָמאַנדעוועט. איך פלעג אַפילו נאַכהער חרטה קריגן, אָבער דאָס קינד איז שוין געליגן אין סטאַן (פּאָליציי־צירקל). אַ שטיק צייט פלעג איך נאָכדעם אַרומגיין אָן אַ קאָפּ און שלאָגן זיך מיט די „קולאַקעס" אין האַרצן, ביז... איך פלעג פאַרגעסן און ווידער האָט מיך דער נישט־גוטער געשטויסן צו כאַפּעריי ווי אַ שיכור צום טרינקען.

— און דיין טאַטע־מאַמע?

— איך געדענק זיי נישט.

— עס האָט גאָר ביי דיר נישט אַרויסגערופן קיין רחמנות אויף דעם, וואָס דו פלעגסט צוגנבענען?

— וואָס הייסט נישט? איך האָב איינמאָל שיעור נישט קראַפּירט נעבן אַזאַ קינד. דאָס איז געווען אַ ראַבינס אַ זונדעלע, וואָס איך האָב שפּעט ביינאַכט אַרויסגעגנבעט. איך בין מיט דעם געלאָפן איבער אַ וואַלד, ביינאַכט, האַלטנדיק דאָס ווי דער שטייגער איז געווען, אויף די פּלייצעס. עס האָט זיך געריסן און געצאַפּלט; מיך געפּאַטשט מיט זיינע הענטלעך איבער מיין פּנים, מיר געריסן די האָר פון קאָפּ. ביז איך האָב אַ הענטל זיינס אַריינגענומען צווישן מיינע ציין. איך האָב דאָס נישט

אָפּגעלאָזט ביז דאָס קינד איז פאַרחלשט געוואָרן. איך האָב מיר אַפּילו נישט געגעבן קיין רעכענונג, אַז דאָס קינד גייט־אָפּ מיט בלוט ביי מיר אין מויל.

אין סטאַן האָט מען דאָס קינד קוים אָפּגעמונטערט, און זיין בלוט האָט אויף מיר געוואָרנען ווי ביי אַ גזלן. אַפּילו די פּאָליציי־לייט האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ בעסטיע. איך אַליין האָב מיך צעוויינט און אַנידערגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע נעבן אים. איך, וואָס פלעג מיך באַרימען אַז איך האָב אויף מיין לעבן קיין טרער נישט געלאָזט, האָב געכליפּעט און געקושט זיינע ווונדן... טעג און נעכט בין איך נעבן אים געזעסן אין דער טורמע־קאָמער, ביז זיינע ווונדן האָבן זיך פאַרהיילט.

מאָסיי איז אַנטשוויגן געוואָרן און האָט זיך געווישט די אויגן.

— קוק, האָט זיך פּיאָטער צו אים אָנגערופן, אויסשטרעקנדיק זיין רעכטע האַנט — דאָס זענען די צייכנס פון דיינע הינטישע ציין. דער־קען זיי.

אַ פאַרגאַפּטער איז מאָסיי צוגעפאַלן מיטן פּנים צום טיש, ווו פּיאָ־טערס האַנט איז געליגן. זיינע אויגן האָבן זיך זשעדנע איינגעגעסן אין די צייכנס.

פון גרויס איבעררעאַשונג און שרעק האָט זיך זיין קערפּער געקאָר־טשעט און געציטערט. זיינע ליפּן האָבן געמומען שטאַמלען אָפּגעהאַקטע ווערטער.

— געמוג, הונט איינער, האָט פּיאָטער מיט כעס אויסגעשריגן. — זעץ זיך אַוועק און הער וואָס איך וועל דיר זאָגן: מאָרגן גייען מיר אַוועק פון דאַנען. דו זאָלסט מיר אָפּזוכן מיינע עלטערן, דו הערסט? אַ נישט וועסטו קיינמאָל קיין מקום־מנוחה נישט האָבן. אויב דו וועסט זיי אָפּ־זוכן לעבעדיקע, וועל איך דיר מוחל זיין און מיין פאָטער, דער ראַבין, וועט פאַר דיר גאָט בעטן, אַז ער זאָל דיר פאַרגעבן אויף דיינע זינד. דו וועסט זיין מיין ווירדיקער דינער דיין גאַנץ לעבן.

— יאָ, יאָ — האָט מאָסיי כליפּענדיק געקושט פּיאָטערס האַנט. איך וועל... לויפן... איך וועל... וועל זוכן...

ביים צעשיידן זיך אויף מאָרגן באַגינען האָבן זיי זיך געדריקט די

הענט אוןביידע מענטשן האָבן זיך פאַרנומען אויף צוויי באַזונדערע וועגן.

— 6 —

פאַר די דריי יאָר, וואָס פיאָטער שימאַנסקי איז אָפּגעווען אין דער גובערניע־שטאָט, האָט ער נאָר געלעבט צווישן די ווענט פון דעם גרויסן שפּיטאָל, באַקומענדיק אַ סך פּראַקטיק. אין די אָוונטן פלעגט ער זיך פון דאָרט אַרויסגנבענען און אַרומוואַנדערן אין דער געטאָ צווישן יידן, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

מען פלעגט אים דאָרט באַטראַכטן ווי אַ גר וועמען מען דאַרף מקרב זיין און לערנען יידיש און תורת משה.

זיין געשליפענער מוח האָט גיך אויפגעכאַפּט אַלעס, וואָס מען האָט אים געלערנט. דאָס פלעגט געטון ווערן אין אַ בית־מדרש, נאָך מנחה־מעריב. ווו אַלטע יידן פלעגן אים אַרומרינגלען. כדי אים נישט מצער זיין, האָט מען ביי אים קיינמאָל נישט געפרעגט פון וואַנען ער שטאַמט. פרייטיק צו נאַכטס פלעגט ער קומען מקבל־שבת זיין און אָפטמאָל נאָך דעם דאַווענען פלעגט אים עמיצער מיטנעמען צו זיך פאַר אַן אורח. מיט גרויס הכנעה איז ער געזעסן ביי דעם פרעמדן טיש, און ביי די אָנגעצונדענע ליכט, דעם געגרייטן טיש, די זיסע נגינה פון די זמירות פלעגן אויפשיינען אין זיין זכרון ענלעכע בילדער לאַנג... לאַנג... פאַרגעסענע.

אין איינעם אַזאַ פרייטיק־צו־נאַכטס נאָך דער וועטשערע, האָט זיך מיט אים דער פרומער גוטהאַרציקער ייד, וואָס האָט אים פאַרבעטן צו זיך, צערעדט:

— פון וואַנען זענט איר? — האָט ער אים אַ פרעג געטון.

פיאָטער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום בילד־שיינעם יידן און האָט אים אַ ווײַלע אין דער שטיל באַטראַכט. די פראַגע איז פאַר אים געווען עפּעס אַזוי אומדערוואַרט, אַז ער האָט לאַנג געטראַכט ביז ער האָט געענטפערט:

— מיין געבורט־שטאָט געדענק איך נישט. איך בין פון איר אָפּגעריסן געוואָרן גאַנץ יונג. מיין קינדהייט שטעלט זיך מיר פאַר איינגע־

הילט אין אַ דיקן נעפל, דורך וועלכן איך זע נאָר אומבאַשטימטע סי־לועטן. איצט ווייס איך נאָר, אַז די וואָס האָבן מיך דערצויגן זענען נישט געווען מיינע עלטערן.

און פיאָטער האָט דערציילט זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע מיט דעם פריצס ווידוי און נאָכהער מאָסייס דערקלערונג.

—אָ, אָ, — האָט דער ייד אַ מאַך געטון — זענט איר, הייסט עס, אַ רבס אַ זון, אַ געשמדטער, רחמנא לצלן. איז וווּ־זשע געפינט איר זיך איצט?

— איך בין אַ מעדיקער פון רעגירונגס־שפּיטאָל, אָן אַמט וואָס בלויז אַ קריסטלעכער דאָקטאָר קען פאַרנעמען, אָבער מאָרגן אינדערפרי פאָר איך אָפּ מיט אַ קאָמיסיע דאָקטוירים צו באַקעמפן אַן עפּידעמיע, וואָס האָט אויסגעבראָכן צווישן די פּויערים אין עטלעכע דערפער אַרום דעם שטעטל „טש.״, ווו עס געפינט זיך אַ שפּיטאָל.

— וועט איר שוין דאָרט פאַרבלייבן?

— אַזוי דענק איך.

דער ייד האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און האָט זיך גענומען אַרומשפּאַנען הין און צוריק איבער דעם גרויסן עס־זאַל. ער האָט זיך געגלעט זיין באָרד און האָט קענטיק, געטראַכט.

— האָט איר, הייסט עס, אַוועקגעשיקט משה קאזליקן, אַז ער זאָל אָפּזוכן דעם רב, אייער פאָטער?

— מאָסיי, ווילט איר זאָגן.

— יאָ, מאָסיי איז דער באַרימטער אויסוואורף, משה קאזליק.

גוט, האָט דער ייד עפּעס מיט אַ צופרידענעם טאָן, דריקנדיק פּיאָ־טערס האַנט, אַ זאָג געטון. — איר זאָלט פאָרן געזונטערהייט. איך האָף אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען.

— 7 —

טיף פאַרזונקען אין אָט־אָ־די אַלע דערפאַנערונגען, איז דאָקטאָר שי־מאַנסקי געזעסן ביים טויער פון באַלניצע אויף דעם באַרג, אין יענעם

ערב־ראש־השנה־פרימאָרגן. זיין אַדיוטאַנט איז אַ ווילע געשטאַנען נעבן אים און האָט אים נישט געוואָלט שטערן אין זיין קאָנצענטרירטקייט. ענדלעך האָט ער זיך צו אים געווענדעט:

— גאָספּאָדין דאָקטאָר. דער, וועמען מען האָט ערשט געבראַכט, דענק איך איז אַ ייד. איך וואָלט געוואָלט, אַז איר זאָלט אים באַטראַכטן.

— אַ ייד, זאָגט איר? — האָט ער זיך ווי פון אַ שלאָף: אויפגעכאַפּט. ווער האָט אים אַהער געבראַכט? — האָט שימאַנסקי פאַרווונדערט אַ פרעג געטון.

— יאַקאָב, דער באָד־הייצער. ער האָט אים געפונען ליגן אויף דעם שליאַך הינטערן שטעטל אָנגעטון אין מוזשיצקע קליידער. ער האָט אים געבראַכט צופירן אויף זיין וועגעלע.

— מיר וועלן זען.

דאָרט, אין דער פּאַלאַטע, איז איצט געלעגן אינגאַנצן אַ נאַקעטער משה קאזליק מיטן פנים אַראָפּ. דאָס לייב זיינס איז געווען אַזוי צע־פוילט, אַז עס האָט זיך אַזש אַרויסגעזען ערטערווייז זיין רוקן־ביין.

— דרייט אים אויס מיטן פנים אַרויף, האָט דער דאָקטאָר אַ באַ־פעל געגעבן די צוויי קראַנקן־וועכטער.

— מאָסייי! — האָט זיך פון דאָקטאָרס מויל אַרויסגעריסן.

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו אים און האָט אים אַ היפּשע צייט באַ־טראַכט, אויסגעקלאַפּט יעדן גליד און זיך צוגעהערט צו זיין האַרץ.

— ער האָט באַקומען אַן אַפּאָפּלעקסיע, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. ער איז געליימט אויף דער רעכטער זייט און איז דעריבער אינגאַנצן אָן לשון, אָבער די אַטאַקע איז פאָרגעקומען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. זיין איצטיקער צושטאַנד איז דער לעצטער עטאַפּ פון דער דאָזיקער קרענק. לויטן אויסזען פון זיין קערפּער איז ער ערגעץ אָפּגעליגן אין זייער נישט היגיענישע באַדינגונגען און ערשט איצט האָט מען אים אונטערגעוואָרפן, ווען ער האַלט שוין ביים סוף.

— איר קאָנט אים? — האָט דער אַדיוטאַנט אַ פרעג געטון.

— ער איז געווען ביי מיר אין דער היים אַ משרת. איך האָב אים

אָפּגעזאָגט. אמת, ער איז אַ ייד. זיינע שעהן זענען געציילטע. און דער־נאָך?...

שימאַנסקי איז אַריינגעפאַלן אין אַ מין פאַרלעגנהייט.

— יאָ, נאָך אַ זאַך, איך האָב גאָר פאַרגעסן, האָט ווידער דער אדיו־טאַנט אַ זאָג געטון. עפּעס אַ ייד קומט אַלע טאָג, זייט אַ וואָך צייט, פרעגן אויף אייך וואָס איר מאַכט, און ווען איך וויל אייך רופן, זאָגט ער, אַז עס איז נישט נויטיק. היינט אינדערפרי האָט ער נישט נאָר געפרעגט אויף אייך ווען איר זענט נאָך געשלאָפן, נייערט אַפילו אויף דעם קראַנקן, וואָס מען האָט באַגינען געבראַכט, און האָט פאַר אייך איבערגעלאָזט אַ קאָנווערט.

— ווער קאָן דאָס זיין? — האָט שימאַנסקי זיך אַליין אַ פרעג גע־טון, און האָט גענומען דעם פאַרמאַכטן קאָנווערט און איז אַריין צו זיך אין זיין שלאָף־צימער. זיינע הענט האָבן אַ ציטער געטון ווען ער האָט דערזען די בריוו געשריבן אין יידיש. און ער האָט גענומען לייענען:

— טייערער זון דוד: עס רעדט צו דיר דיין פאָטער אהרן, דער ראש הקהל פון שטאָט. קום היינט אין אָוונט אין קלויז, היינט איז די ערשטע נאַכט פון ימים־נוראים, וועל איך זיין זיכער אַז דער אַלמעכטיקער גאָט, ברוך הוא, האָט מיר אומגעקערט מיין זון. רב מאיר, דער סופר פון קיע־ווער געטאָ, ביי וועמען דו ביסט געווען אַן אורח, האָט מיר דאָס פאַר־זיכערט. איך און גאַנץ קהל וועלן אויף דיר וואַרטן ביז האַלבע נאַכט אַפילו... מיטן דאַווענען.

ער האָט די בריוו ממש געשלונגען. עטלעכע מאָל האָט ער זי אי־בערגעלייענט און איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ מאָדנער שטימונג, עפּעס אַ געמיש פון טרויער און פרייד האָט אים באַהערשט, וואָס האָט אויפגע־שטורעמט זיין גאַנצן וועזן. איצט האָט ער אַ ווײַלע געוואָלט בלייבן מיט זיך אַליין אין זיין צימער, אָבער באַלד האָט דער אַדיוטאַנט, דער פעלשער, אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר:

— איך וואַרט אויף אייך, הער דאָקטער, האָט יענער אַ זאָג־געטון, און ביידע זענען צוגעגאַנגען צום גוסס.

דעם גאַנצן טאָג האָט שימאַנסקי נישט אָפּגעטראָטן פון משה קאַז־

ליק. ער האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אויף צו פאַרלייכטערן זיינע לעצ־טע מאָמענטן ביז אַ שטיק אין אָוונט.

— איצט, האָט שימאַנסקי אַ זאָג־געטון צום פעלשער, בלייבט איר נעבן אים, איר זאָלט זיין פאָרזיכטיק מיט דעם זויער־שטאָף וואָס איר וועט אים מאַכן אַריינאָטעמען. עס זאָל זיך דאָ נאָענט קיין פייער נישט געפינען, וואָרום עס קאָן אויסברעכן אַ שריפה. ביי די רייד האָט ער פאַר־לאָזט די פאַלאַטע און איז אין איילעניש אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

זיין בליק איז געפאַלן אויף די פיל שיין־פינטעלעך וואָס האָבן ווי געוווּנקען צו אים פון דעם טאָל אַרויס. דאָס איז געווען דאָס שטעטל מיט די בתי־מדרשים וואָס האָבן אים גערופן. די קלויז איז געווען פול גע־פּאַקט מיט מתפללים, און דאָרט אין מזרח־וואַנט ביים ארון קודש איז גע־שטאַנען דער ראש־הקהל און מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט. פון איין זייט אַ ליידיק פלאַץ פאַר זיין זון און ביי דער צווייטער זייט איז גע־שטאַנען ר׳ מאיר דער סופר, וואָס האָט אים, דעם רבין, פון צייט צו צייט באַרואיקט:

— ער וועט קומען, רבי, איך בין זיכער, האָט בטחון.

אין מיטן אָט־דער הייליקער שווייגנדער סביבה האָט זיך די טיר פון קלויז אַן עפן־געטון און פיאָטער שימאַנסקי, דוד דעם רבינס זון, האָט זיך באַוויזן. אַ געררירטער, מיט אַ בלאַס געזיכט, האָט ער זיך גלייך גע־לאָזט גיין אויף דעם וועג וואָס דער דערשטוינטער עולם האָט פאַר אים געמאַכט. דער פאָטער איז אים געקומען אַנטקעגן אָן ווערטער, און אַזוי, מיט פאַרקלעמטע הערצער, איז איינער דעם אַנדערן אויף דעם האַלדז געפאַלן...

פלוצלינג איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. עס האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון קירכן־גלעקער וואָס איז פון מינוט צו מינוט שטאַרקער און נענטער געוואָרן, גלייך ווי זייערע ציטערדיקע טענער זאָלן זיך ווי ים־כוואַליעס אַריינרייסן און פאַרפלייצן די שולן.

און אין מיטן דעם גלאָקן־געקלאַנג האָט דער הימל אין מזרח־זייט פון שטאָט אויפגעפלאַמט אין איין גרויסן העליש פייער: די באַלניצע האָט געברענט אין אירע אַלע פיר זייטן.

פאַרכאַפּט פון דאָזיקן אומדערוואַרטעטן פענאָמען איז די גאַנצע עדה יידן געשטאַנען ווי פאַרגליווערט אַזוי לאַנג ביז דער הימל איז צו־ריק פאַרלאָשן געוואָרן.

און צוזאַמען מיט משה קאזליקסביינער איז אויך פאַרברענט גע־וואָרן דער נאָמען „פּיאָטער שימאַנסקי”.

—

# דער האַרבאַטער זיינערמאַכער

אונדזער יידישער קאָלעגע האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און האָט אָנגעהויבן מיט אָט די ווערטער: —

נישט לאַנג צוריק האָב איך געהאַט אַ באַגעגעניש מיט אַ מאָדנעם פּאַרשוין וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווידערלעכן רושם. קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ געוויסן מאָמענט ווען איר דערפילט פּלוצים אַז איר געפינט זיך פּנים אל פּנים מיט אַ גאַסט פון יענער וועלט? אַזאַ מאָמענט האָב איך איבערגעלעבט; אַזאַ זאַך האָט מיט מיר פּאַסירט.

אין יענעם טאָג בין איך אַ פאַרמאַטערטער געקומען אַהיים פון גאַס און האָב געטראָפן אין וואַרט־זאַל פון מיין פּריוואַטער קליניק אַן אַ שיעור פּאַציענטן. פון צווישן אַלע וואָס האָבן אויף מיר געוואַרט האָט זיך מיר אַ וואָרף געטון אין די אויגן אַ מאָדנע איינגעהויקערטע פיגור מיט אַ טויט־בלאַסן געזיכט, וואָס איז געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל. עפּעס האָט צו־געשמידט מיינע אויגן צו דער פּערזאָן.

איך האָב אָנגעהויבן אויפנעמען די קראַנקע, און יעדעס מאָל ווען כ׳האָב געעפנט די טיר פונעם קאַבינעט פאַר אַ פּאַציענט, איז מיין בליק אינסטינקטיוו געפאַלן אויף יענעם ווינקל. איך האָב מיך דערמאָנט אין דעם אויפגעהאָנגענעם האַרבאַטן זייגערמאַכער וועלכן מ׳האָט געפונען אין וועלדל הינטער אונדזער שטעטל, אין דער אַלטער היים.

ווי אויף צו להכעיס האָט ער דורכגעלאָזט אַלע קראַנקע, כאָטש עס איז שוין לאַנג געהאַט געקומען זיין רייע, ענדלעך האָט ער זיך אויפגעהויבן און איבערגעטראָטן די שוועל פון מיין קאַבינעט. ערשט דאַן האָט מיר דורכגענומען אַ קאַלטער שווידער: ער איז געווען אַן עכטע קאָפּיע פון יענעם אויפגעהאָנגענעם.

איך האָב אַ וויש געטון דעם קאַלטן שווייס וואָס איז אַרויסגעטראָטן

אויף מיין שטערן. אין יענעם טאָג בין איך, אגב, אַליין אומגעגאַנגען מיט היץ. ווייסט איר דאָך אַלע ווי מיר זענען פאַרשקלאַפט צו אונדזער מע־דיצינישער פּראָפעסיע. האָב איך יענעם טאָג, אַליין אַ קראַנקער, געאַר־בעט ווי כסדר.

— זיצט, פריינט מיינער, האָב איך זיך געווענדט צו אים מיט אַן אומזיכערער שטימע.

די פיגור וואָס זאָל, לויט מיין קראַנקער פאַנטאַזיע, האָבן אויפגעע־שטאַנען תחית־המתים, האָט זיך העפלעך פאַרנויגט פאַר מיר און לאַנג־זאַם זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן שטול וואָס איך האָב אָנגעוויזן, נישט אַראָפּ־נעמענדיק זיינע אויגן פון מיינע.

— פון וואַנען זענט איר? האָב איך געפרעגט.

— פון רוסלאַנד, האָט ער געענטפערט אונטער דער נאָז.

— פון וועלכער שטאָט, מיין איך?

— פון שטעטל האר...

איך האָב דערפילט ווי עס ווערן מיר אונטערגעהאַקט די פיס און עס שווינדלט מיר אין די אויגן: דער נאָמען איז געווען פון מיין געבורטסשטעטל.

— מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך? האָב איך אַ דערשראָקענער אַ פרעג געטון.

— אַ זייגער־מייסטער בין איך, איז געווען זיין ענטפער.

איך האָב גענומען קנייפּן מיין לייב; כ'האָב אָנגעהויבן צווייפלען אין דער רעאַליטעט פון מיין עקזיסטענץ; כ'האָב נישט געוווסט וואָס עס טוט זיך אַרום מיר.

— איך בעט אייך, זאָגט מיר אויף גיך ווי קומט איר אַהער צו מיר? האָב איך אים ווייטער געפרעגט.

— וואָס הייסט ווי קום איך צו אייך? ווי אַלע פאַציענטן קומען צו אַ דאָקטער, האָט ער מיר געלאַסן געענטפערט.

איך האָב מיך אַביסל באַרואיקט.

— זאָגט מיר נאָר, האָב איך זיך צו אים געווענדט, קענט איר מיר דערקלערן פון וואַנען עס קומט צו אייך אייער הויקער?

— אָ, דאָס איז שוין אַן אַלטער חסרון. קינדוויז האָט מען מיר צע־קלאַפּט דעם רוקן מיט אַ האַמער.

דאַן האָט אין מיין זכרון בליץ־שנעל אויפגעלעבט די גאַנצע געשיכ־טע וואָס איך וועל אייך תיכּף דערציילן און איך האָב פריי אָפּגעאָטעמט.

*****

מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק האָב איך געקענט אַ טראַגי־קאָמישן פּאַר־שוין אין דער אַלטער היים. דער דאָזיקער פּאַרשוין איז געווען איינער פון די 3 פּאַר'זעענישן, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין מיין שטעטל. זיי זענען אַלע געווען יוועלירער און זייגערמאַכערס. אין יענער צייט פון מיין פריער קינדהייט האָט גערופן מיין אויפמערקזאַמקייט דער קאָנ־טראַסט צווישן די שיינע, דעליקאַטע זייגערלעך, קייטלעך, פינגערלעך און ברילינטלעך, וואָס פלעגן שעמערירן צווישן די פינגער פון אָט די קריפּלען.

שעהן לאַנג פלעג איך אָפּשטיין צוגעקאַוועט צום פענצטער פון דעם אָדער יענעם זייגערמאַכערס „פּראָנט" (אַזוי געדענק איך פלעגט מען רופן יענע געשעפטן). איך בין געווען באַצױערשט ווי פון אַ מין פאַרשפּיצטן מיטלייד־געפיל צו אַלע די קליינע רירעוודיקע זייגער־מאַשינעריעס, וואָס האָבן ביי מיר באַקומען דאָס געשטאַלט פון לעבעדיקע נפשות איבער וועלכע עס איזדיעקעוועט זיך אַ מאָנסטער, אַ מגושם.

נישט איין מאָל פלעגט דאַן מיין קינדיש הערצל זיך אַ צאַפּל טון ווען יאָסל מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ האָט מיט אַ צווענגל אַרויס־געריסן דאָס אנקערל פון אַ גאָלד זייגערל. ער האָט דאָס אַ ווײלע גע־האַלטן אין דע רלופטן און עס האָט נישט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן אויף אַ דין־געדרייט פּרוזשינקעלע און אויף זיין מיאוסן פּרצוף האָט זיך אין יענעם מאָמענט באַוויזן אַ סאַדיסטישער שמייכל. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אַלע רעדלעך געגומען דרייען, יעדעס מיט אַ באַזונדערער געשווינדקייט און פון דעם גאַנצן זייגער־קערפּערל האָט זיך געלאָזט הערן אַ מאָדנער גערויש, וואָס האָט מיך אינגאַנצן דערשיטערט. עס האָט מיך גערירט ביז טרערן — אַזאַ נאַריש ייִנגל בין איך געווען.

מיט מער מילדקייט און רחמנות צו די אַלע זייגערס, האָט מיר אויסגעוויזן, באַציט זיך דער האָראָבאַטע זייגערמאַכער, וועמענס פּראָנט עס איז געשטאַנען פּונקט קעגנאיבער יאָסלס, פון יענער זייט גאַס.

דורך דעם גרויסן פענצטער האָט מען געקענט זען אַלץ, וואָס עס טוט זיך דאָרט. אויף די ווענט זענען געהאַנגען שורותווייז „רעגילאַטאָרס" אין דער גאָר אויבערשטער ריי, נאָכדעם זענען געקומען די מיניאַטורן און צו לעצט וואַנט־זייגערס פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעהאַנגען שווער־געוויכטער אויף מעשענע קייטן. נאַקעטע אומרוק׳ס, וואָס האָבן זיך גע־טעלעבענדעט הין־און־צוריק, אָנמאַכנדיק אַ סך אַ גרעסערן ליאַרעם מיט זייער קלאַפּן ווי די אַריסטאָקראַטישע „רעגולאַטאָרס".

ביים האָרבאַטע זענען אַלע זייגערס געגאַנגען אַקוראַט — אָנ־ווייזנדיק די ריכטיקע שעה.

אַ סך מאָל אין טאָג האָט מען געקענט זען דעם צעדרייטן אויפ־געקניילטן קערפּער זיינעם אַרויפקלעטערן אויפן לייטער. שטייענדיק אויבן, האָבן זיינע נערוועזע פינגער געפּאָרקעט זיך ביי אַן אומרו, וואָס איז געגאַנגען צו שנעל אָדער צו לאַנגזאַם, פון זיינע אויגנלעכער האָט ער קיינמאָל נישט אַראָפּגענומען די צוויי שוואַרצע מיקראָסקאָפּן, ווי זיי וואָלטן געווען אַ טייל פון זיין מאָגערן ברייטביינערדיקן פּנים. דאָס האָט נאָך מער אָפּשטויסנד געמאַכט זיין פאַרקריפּלט געשטאַלט. זיין גלאַטער קאָפּ, אָן האָר, וואָס איז געווען באַגראָבן צווישן די צוויי אויפגעהויבענע אַקסלען, האָט אויף קיין מינוט נישט גערוט און פון צייט צו צייט זיך אָ וואָרף געטון אויף הינטן, אָנשלאָגנדיק זיך אין הויקער, וואָס איז מיט דער צייט אויסגעוואַקסן ווי אַ פאַרשאָלטענער באַרג אויף זיינע פּלייצעס.

פון וואַנען האָט זיך עס גענומען אַזאַ באַשעפעניש צו אונדז אין שטעטל האָט קיין בן־אָדם נישט געוווּסט. ער איז פאַר אַלעמען געווען אַ בייזע רעטעניש. מענטשן מיט שוואַכע נערוון האָבן זיך פון אים אָפּ־געקערט אין גאַס ווען ער פלעגט זיך ווי אַ וויכער פאַרביי זיי דורכטראָגן.

דער דאָזיקער אומגליקלעכער איז נישט געווען קיין גוטער פריינט זיין טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אים אויף דער וועלט געבראַכט. אַ פאַר־ביטערטער, אַ צאָרנדיקער, האָט ער אין זיך געדאַרפט דערשטיקן אַלע

מענטשלעכע ליידנשאַפטן, וואָס מאַכן דאָס לעבן זיס און אינטערעסאַנט.

די גאַס, צו וועלכער ער האָט פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט אַרויסגעקוקט דורך דעם גרויסן פענצטער פון זיין קלייט, איז געווען פאַר אים אַ קוואַל פון קנאה און יסורים.

קיינער פון שטעטל איז צו אים נישט אַריינגעקומען אַ וואָרט אי־בערבייטן, ווי ער זאָל ליגן אין חרם אָדער זיין אַ קרעציקער. ער האָט געפילט, אַז מען האַסט אים, אַז זיין מום שטויסט אָפּ... זיין חיונה האָט ער געצויגן פון די גוים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פלעגן קומען צו אים קויפן אָדער פאַררעכטן זייגערס. זיי האָבן אויף אים רחמנות גע־האַט און קיין עקל האָט ער ביי זיי נישט אַרויסגערופן.

דערפאַר פלעגט מען אים זען דורכלויפן אַ געסל מיט אַ וואַנטזיי־גער אונטערן אָרעם. ער האָט געשפּאַנט העט ווייט, אַזש ביז צו דער סלאָ־באָדע, הינטערן שטעטל. דאָס האָט ער אָפּגעטראָגן אַ פאַרריכטן זייגער עפּעס אַ גוי.

ער האָט דאָס געוויינלעך געטון גאַנץ־פרי, איידער קליינוואַרג איז אויפגעשטאַנען. ווייל ווען נישט, פלעגן ווייסע־חברה אים באַפאַלן, ווי די בינען, שלעפּן פאַר דער קאַפּאָטע, וואַרפן שטיינער און מאַכן חוזק.

מער פון אַלע איז אים דערגאַנגען די יאָרן אַ פערצן יעריק יינגל, יאָסל דעם יוועלירס תכשיט, וואָס האָט זיך שוין אויך געלערנט ביי זיין טאָטן די מלאכה פון זייגער־מייסטער. פיליכט איז ער געווען אָנגע־שטעלט דאָס צו טון כדי צו פאַרטרייבן דעם האָרבאַטע קאָנקורענט פונעם שטעטל.

איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, (איך פעל דאָס קיינמאָל נישט פאַר־געסן) איז געוואָרן אַ געפילדער און געלויף אין שטעטל. יונג און אַלט זענען אַרויס פון די הייזער: פון אַלע געסלעך איז מען געלאָפן צום מאַרק. וואָס נענטער מ׳איז צוגעקומען האָט מען אַלץ קלאָרער געהערט:

— דער האָרבאַטער איז משוגע געוואָרן! ער וועט דאָס יינגל דער־הרגענען!

געשען איז אָט וואָס:

דער האָרבאַטער איז אין מיטן מאַרק אָנגעפאַלן אויף יאָסל דעם

יוועלירס יינגל. איין האַנט זיינע האָט זיך איינגעקלאַמערט אין דעם יינגלס האַלדז. די צווייטע האַט האָט מיט אַ האַמער אומברחמנותדיק גע־קלאַפּט אין דעם יינגלס רוקן. בשעת מעשה האָט דער הויקער געזעצט ווי אַ ווילדע חיה:

— נאַ! אָט האָסטו שגץ! באַקום אויך אַ הויקער אַזוי ווי איך! איך טרעט אים אָפּ מיין פּלאַץ, האָט ער זיך געווענדט צום עולם אַרום, אָפּ־לאָזנדיק זיין קרבן אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד.

אַ פּאַריקטער האָט ער זיך געלאָזט לויפן מיטן שליאַך, וואָס האָט געפירט צום וועלדל הינטערן שטאָט שרייענדיק אָן אויפהער: אַן אַנדער הויקער אויף מיין פּלאַץ... אַן אַנדער הויקער...

דאָס גאַנצע שטעטל איז אים נאָכגעלאָפן, געוואָלט פאַרשטיינען, אָבער... ער האָט זיי פאַרשפּאָרט די אַרבעט.

אין וועלדל האָט ער זיך אויפגעהאָנגען אויף אַ צווייג פון אַ בוים. ווען דער המון איז אַהין צוגעקומען איז שוין דער האָרבאַטער זייגערמאַ־כער געווען אַ טויטער אומרו אין דעם זייגער פון דער אייביקייט.

# שלמהלע

— 1 —

אין יענער צייט פלעגט מען ביים טויער פון שפיטאָל „סאַן ראָקע" אַלע פרימאָרגן באַגעגענען אַ נידעריק מענטש ווי אַן אַכט־יאָריק קינד די גרויס. דער דאָזיקער קאַרליק פלעגט זיך וואַרפן אין די אויגן מיט זיין קאָמישן אויסזען. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ בופאָן פון אַ צירק אָדער פון די אַמאָליקע לוסטיק מאַכערס ביי די אַדל־לייט אין די גרויסע פריצישע פּאַלאַצן, אין די פעאָדאַל־צייטן.

ער איז אַלט געווען אַ יאָר דרייסיק, אָבער אין געוויקס איז ער גע־בליבן שטיין ביי אַכט יאָר. זיין קולכל האָט געגרילצט ווי אַ קאַרנאַוואַל־קאָרנעטל, און זיינע פּיקאַנטע וויצן האָבן אַרויסגערופן הילכיקן געלעכ־טער ביי די אַריין־און־אַרויסגייער פון יענעם מרה־שחורהדיקן שפּיטאָל. ער גופא איז אָפּגעלעגן עטלעכע יאָר אין שפּיטאָל אין דער צוועלפטער פּאַלאַטע ווו מען האָט אים געבראַכט אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד. איך האָב אים אין יענעם ערשטן פרימאָרגן געטראָפן ליגן אויף אַ מאַטראַץ וואָס מען האָט פאַר אים אויסגעבעט אויף דער ערד צווישן די צוויי רייען בעטלעך. ווען איך האָב מיר אָנגעבויגן צו אים האָט מיך אַ זעץ געטון דער שטאַרקער גערוך פון „אַסעטאָנאַ", אַזאַ סם וואָס זאַמלט זיך אָן אין בלוט פון די צוקער־קראַנקע.

זיין קינדיש פּנימל איז געווען בלאַס און ערטערווייז עפּעס בלוי. זיינע שוואַרצאַפּלען ברייט צעעפנט האָבן זיך לאַנגזאַם באַוועגט הין און צוריק צווישן די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן־דעקלעך. טיף און זייער לאַנג־זאַם האָט ער געאָטעמט, און זיין פּולס האָט זיך קוים געלאָזט מערקן. עס איז געווען עפּעס אַ מין מיזעראַבל געשווינד דופּקל וואָס האָט שוואַך גע־פּיקט דעם פינגער וואָס האָט אים אָנגעטאַפּט.

עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט אָט שטעלט זיך אָפּ דאָס דופקל,
אויף מיר האָט דאָס גוססע נפשל געמאַכט אַ באַזונדערן איינדרוק:
פאַר מיינע אויגן איז נישט געליגן סתם אַן אומבאַקאַנטער וועזנדל, נאָר
איך האָב אין אים דערזען שלמהלע צעסאַרסקיס געשטאַלט, אַ חברל פון
מיינע קינדער־יאָרן.

איך האָב מיך דאָ איצט דערמאָנט אין שלמהלען.
אַזאַ ענלעכקייט טרעפט זיך זעלטן, זעלטן ווען.
דאָס זעלבע דאַר בלאַס פּנימל וואָס ליגט אין הינערפּלעט.

— 2 —

שלמהלע איז געווען אין מיין עלטער. זיין מוטער איז געשטאָרבן,
האָט מען דערציילט, פון אַ צוקער־קראַנקהייט ווען ער איז ערשט אויף
דער וועלט געקומען.

זיין פאָטער האָט אים געגעבן אַ שטיף־מאַמע פון וועלכער ער האָט
געהאַט געבראָטענעליידן פון זינט ער איז נאָר צום שכל געקומען.

אַ שווייגזאַמער פלעגט ער גיין אין חדר ווו ער פלעגט זיך האַלטן
אָפּגעזונדערט פון זיינע פריילעכע חברים, און דערשטיקט אין זיך דעם
טיפן טרויער פון זיין פאַריתומט לעבן.

דער דאָנערשטיקדיקער טאָג פון יעדער וואָך ווען ביי אַלע חדר־
יינגלעך איז געווען אַן אָפּקומעניש צוליב דעם רבינס פאַרהערן דעם חומש
מיט רשי איז ביי שלמהלען געווען אַן אמתער תענוג־טאָג.

ווי אַ דערוואקסענער בן־תורה האָט ער מיט דעם געהעריקן ניגון און
מיט דעם פאַסיקן קנייטש פאָרגעלייענט די פרשה חומש מיט רשי אַז דעם
רבינס פּנים האָט געשטראַלט פון פאַרגעניגן.

מיט גרויס שפּאַנונג און רעספּעקט האָבן מיר זיך אַלע צוגעהערט ווי
פון זיין מויל שיטן זיך די פּערלדיקע דברי תורה.

— נישט אַנדערש, האָבן מיר חברה געטראַכט, עפּעס אַ מלאך
לערנט מיט אים תורה ביינאַכט. און מיר האָבן אים גענומען באַטראַכטן
ווי עפּעס אַ הייליקן.

זיינע טרויעריקע בליקן, זיין אָפּהאַלטן זיך פון אָנטיילנעמען אין אונדזערע שטיפערייען, האָבן נאָך מער פון טאָג־צו־טאָג צוגעגעבן גע־וויכט צו אונדזער מיינונג, בפרט ווען דער שטרענגער רבי אַליין פלעגט אויף אים קוקן מיט יראת הכבוד ווי אויף אַ גאון.

איינמאָל, אָ, איך וועל יענעם ראש חודש תמוז־פרימאָרגן נישט פאַרגעסן, ווען אַלע קינדער זענען שוין געווען אין חדר און דער רבי איז נאָך געווען אין שול ביים דאַווענען, האָט זיך שלמהלע געגעבן פלוצ־לינג אַ כאַפּ אויף פון זיין אָרט און האָט אויסגעשריגן:

— קינדער, היינט איז מיין מאַמעס יאָרצייט... איך האָב פאַרגעסן גיין אין שול קדיש זאָגן, לאָמיר מאַכן אַ מנין, איך וועל זיין דער בעל־תפילה...

ער האָט אין די דאָזיקע רייד אַריינגעלייגט אַזוי פיל פּיעטעט און פרומקייט אַז אַלע האָבן מיר זיך שטיל אויפגעהויבן פון אונדזערע ערטער און זיך אויסגעשטעלט אין שורות מיטן פּנים צום מרזח. דאָרט ביים שראַנק מיט ספרים אַלס עמוד האָט שלמהלע, ווי אַ האַרציקער בעל־תפילה פאַר אונדז אַלעמען געדאַוונט.

ער האָט זיך דאַן פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַלס וווּנדערבאַרער שליח צבור.

מיט באַזונדערער זיסקייט און ימען טרויער האָט זיין שיינע אַלט־שטימע דורכגעזאַפּט די לעצטע פסוקים פון יעדער קאַפּיטל פון חלל. די גאַנצע חדר־סביבה איז אַריינגעפאַלן אין איין גרויסן פרומען עקסטאַז. פּונקט אין יענעם מאָמענט איז אָנגעקומען דער רבי.

אַ פאַרגאַפטער איז ער שטיין געבליבן אויף דער שוועל און האָט זיך פון זיין אָרט נישט גערירט ביז דאָס דאַווענען האָט זיך געענדיקט און שלמהלע האָט אָפּגעזאָגט קדיש...

ביים רבין זענען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. מיר האָבן זיך אַלע קעגנזייטיק איבערגעקוקט. און איינער פון אונדז האָט אין דער שטיל אַ זאָג געטון:

— ער וויינט ווייל נאָך אים וועט קיינער קיין קדיש נישט זאָגן...

— 3 —

אין יענעם יאָר באַלד נאָך ימים־נוראים איז מיין פאָטער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, און פאַרוואָרפן געוואָרן אין דער ווייטער אַרגענטינע. מיר האָט די מאַמע אָפּגעפירט אין דער זוויהילער ישיבה.

ווי דורך אַ דיקן נעפּל שוועבן אויף פון צייט צו צייט פאַר מיינע אויגן יענע זעקס־חדשים פון עלנד און פיין ווען איך בין בלויז צען יאָר אַלט געווען.

איין זאַך געדענק איך קלאָר, אַז בעת דער דיליזשאַן איז אָפּגעפאַרן מיט מיין מאַמען אין יענעם פאַרנאַכט ווען זי האָט מיך איבערגעלאָזט אין דער פרעמדער שטאָט זוויהיל, האָב איך דערפילט ווי עפּעס זאָל זיך מיר געווען אָפּגעריסן אין האַרצן.

לאַנג בין איך געבליבן שטיין אויף יענעם פלאַץ און נישט אָפּגעטראָטן ביז דאָס פאַנאַרל פון דעם דיליזשאַן איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון מיינע פאַרוויינטע אויגן.

אומגעקערט האָב איך מיר ערשט צו מיין באַוווסטזיין ווען מיין מאַמע האָט מיר געבראַכט צוריק אַהיים אין זעקס מאָנאַטן אַרום, אַ קראַנקער און אַ צעבראָכענער פלעג איך גאַנצע טעג אָפּזיצן ביים פענצטער און צוזען ווי קינדער אין מיינע יאָרן לויפן אַרום און שטיפן אין גאַס אין יענע פרילינגס־טעג.

דערווייל פלעגט אָנקומען בריוו פון מיין טאַטן ווי אַזוי ער ריכט אָפּ גלות אין אַ ווילד פרעמדער שטאָט וואָס הייסט בוענאָס־איירעס, וווּ עס ברענען די היצן בעת ביי אונדז סמאָלען די פרעסט, אַ לאַנד וווּ מען רעדט די שפּאַנישע שפּראַך, ווייל זי איז אַן אָפּשטאַם פון שפּאַניע, האָט דער טאַטע געשריבן און האָט אונטערגעשטראָכן: פון יענער שפּאַניע וואָס ליגט פאַר יידן אין חרם, אָבער אַרגענטינע איז אַ מדינה פון פרייהייט און גערעכטיקייט וואָס קאָן דינען אַלס מקום מנוחה פאַר אַ סך יידן.

גלייכצייטיק האָט ער אונדז צוגעשיקט אַ בילד פון דעם טעמפּל אויף ליבערטאַד אַז מיר זאָלן זיך איבערצייגן אָז אין בוענאָס איירעס פּולסירט שוין אַ געזונטער יידישער ישוב.

מיר האָט דער טאַטע ע״ה געראָטן אַז איך זאָל מיך נעמען צו אַ פּאַך.

אָבער וואָס־זשע טוט מען מיט אַזאַ איידל־געפּיעשטשעטן תכשיט ווי איך?

לאַנג האָט מיין מאַמע געטראַכט וועגן מיין תכלית ביז אין אַ שיינעם טאָג האָט זי מיך אַוועקגעפירט צו בן־ציון דעם זייגערמאַכער וואָס האָט געהאַט זיין פּראָנט (אַ קלייט פון זייגערס) אויף דער ברייטער גאַס וואָס האָט געפירט צום וואָלאָסץ.

בן־ציון, אָדער בענציע דער זייגערמאַכער ווי מען פלעגט אים רופן איז געווען אַ שוואַרץ־דיק־נידעריק יידל אָנגעקומען פון פּאָליעסיער געגנט. ער האָט גערעדט עפּעס מיט אַ מאָדנעם ליטווישן אַקצענט באַנוצנדיק שטענדיק אַ גראָבן „ר״ און אַ „ס״ אָנשטאָט אַ „ש״. ביי דער אַרבעט האָט ער קיינמאָל נישט אַראָפּגענומען די צוויי שוואַרצע מיקראָסקאָפּן פון די אויגן.

די צוויי מיקראָסקאָפּן האָט ער אויף מיר אָנגעשטעלט ווען מיין מאַמע האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט.

— הייסט דאָס אַז דו ווילסט ווערן אַ זייגער־מייסטער? האָט ער אַ ברום געטון צו מיר, מען דאַרף פאַרמאָגן אַ געשליפענעם מוח און אַ גוט אויג, בחורל, האָט ער צוגעגעבן, און האָט מיר געהייסן זיך אַוועקזעצן ביי אַ קליין וואַרשטאַטל ווו עס איז געזעסן נאָך אַ קליין דאַר יינגל אין מיינע יאָרן.

אויף די ווענט זענען געהאַנגען גרויסע און קליינע וואַנט־זייגערס אין וועלכע עס האָבן זיך געטעלעבענדעט הין און צוריק אומרוען און האָבן מאָנאָטאָן געליאַרעמט מיט זייערע טיק־טאַקן, און מיט אַ געקלאַנג פון פאַרשידענע שעהן. פאַרשידענע ציפערבלעטער מיט לאַנגע און קורצע ווייזערס האָבן ווי עפּעס מגושמדיקע ברואים אַראָפּגעקוקט צו מיר פון די ווענט.

עס איז מיר עפּעס אומהיימלעך געוואָרן ווען מיין מאַמע איז אַוועק און האָט מיך איבערגעלאָזט אין יענער זייגער־סביבה צווישן צוויי פרעמדע מענטשן וואָס זיצן איינגעהויקערט איבער די וואַרשטאַטן און קלאַפּן אין דער שטיל מאַשינדלעך פון קעשעניע זייגערלעך.

איך האָב מיך איצט אָנגעהויבן צוקוקן ווער דאָס ייִנגל אין מײַנע יאָרן איז, שטאַרק פאַרטיפט אין זײַן אַרבעט האָט ער אַפילו מיך נישט באַמערקט. ער האָט מיר אויסגעזען שטאַרק קענטלעך, אָבער זייער פאַר־ענדערט.

אין אַ געוויסן מאָמענט ווען איך בין געבליבן מיט אים אַליין האָט ער אויפגעהויבן זײַן פּנים פון וואַרשטאַט.

דאַן האָב איך נישט ווילנדיק אויסגעשריגן:

— שלמהלע? דו, שלמהלע, אויך אַן אַרבעטער?

— נו, איז וואָס? האָט ער מיט זײַן תמיד־אומעטיקער שטימע גע־ענטפערט. און האָט זיך ווידער אַרײַנגעטון אין זײַן אַרבעט ווי אַן אמתער געניטער זייגער־מײַסטער.

פון יענעם טאָג אָן האָב איך פון אים נישט אָפּגעטראָטן און נאָכגע־פאָלגט אַלע זײַנע באַוועגונגען, אים געהאָלפן און דערלאַנגט אַלעס וואָס ער האָט מיר נאָר געהייסן. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט אויף אַ הויכן קול, נאָר שטענדיק געלאָזן און שטיל אַביסל הייזעריק.

ער פלעגט זיך כסדר באַקלאָגן אויף זײַן שלעכטן טאַטן און אויף זײַן ביטערער שטיף־מאַמע.

ער איז תמיד געווען הונגעריק און וויפיל עסן ער האָט מיטגעבראַכט פון דער היים איז אים געווען ווינציק, ער האָט געגעסן אָן אַ מאָס בײַ דער אַרבעט, געהאַלטן אין איין קייען און... און ס'האָט אים געגעסן. ער איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג דאַרער און בלאַסער, איבערהויפּט האָט ער אַ סך געטרונקען וואַסער וואָס איך האָב אים געדאַרפט אַלע מאָל דער־לאַנגען.

— פאַרוואָס עסטו און טרינקסט אַזוי פיל? האָב איך אים איינמאָל אַ פרעג געטון.

ער האָט אויף מיר אין יענעם מאָמענט אַ מאָדנעם קוק געטון און האָט מיט פאַרדרוס אָפּגעענטפערט:

— וואָס איז דײַן עסק? איך עס דען דײַנס? דו פאַרגינסט מיר אויך נישט?

— ניין, חלילה, האָב איך אַ דערשראָקענער זיך פאַרענטפערט, עס

געזונטערהייד. איך מיין... אַז עפּעס איז נישט גלאַט מיט דיר. (דער צו־קונפטיקער מעדיקער האָט אפּנים פון מיר אַרויסגערעדט).

מיט דער צייט האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן ווי ער קלאָגט זיך אויף קאָפּ־ווייטיק און גייט אַרום ווי אַ שיכורער, עס באַפאַלט אים אָפּט אַ באַגער צו וויינען און שעפּטשעט שטענדיק צו זיך אַליין, אָדער צו דער וואַנט.

אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער אין מיטן דער אַרבעט אַנטדרימלט ווערן אַז עס איז אים געווען שווער צו אויפוועקן.

— וואָס פאַר אַ ריח איז דאָס? האָט איינמאָל בענציע אויסגעשריגן ווען ער איז אַריינגעקומען אין „פראָנט" אין אַ געוויסן בייטאָג.

— מיר ווייסן נישט, האָב איך געענטפערט.

אָבער אין דער אמתן האָב איך שוין לאַנג באַמערקט ווי פון שלמה־לעס מויל טראָגט זיך אַ מאָדנער נישט אנגענעמער אויר, וואָס שטויסט אָפּ פון אים.

בענציע איז אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרסמטע מויז און האָט גענישטערט אין אַלע ווינקעלעך, צווישן דעם וואַרשטאַט, צווישן די פּאָליצעס, און צווישן די וואַנט־זייגערס, אַפילו אין זיין פריוואַטן שלאָף־צימערל וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ מין אַריינגאַנג צום פראָנט האָט ער געהייסן אויסרייניקן, אָבער אומזיסט. ווי שלמהלע איז נאָר אינדערפרי געקומען האָט זיך דער מאָדנער עקלהאַפטיקער גערוך געשאַפן אין דער לופט — ביז בענציע האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָס איז אַזוינס.

— קום נאָר אַהער, האָט ער זיך איינמאָל אָנגערופן צו שלמהלען, אָטעם שטאַרק מיט אַן אָפענעם מויל האָט ער אים באַפוילן און האָט גאַנץ נאָענט צוגערוקט זיין פלאַטשיקע פאַרטאַבעקטע נאָז צו שלמהלעס מויל.

בענציס פּנים האָט זיך אין יענעם מאָמענט שטאַרק פאַרקרומט און האָט אַ ברום געטון:

— חברה־מאַן, דו ביסט גוט אין דער אַרבעט. זאָג דיין טאַטן אַז ער זאָל דיך פירן קיין זשיטאָמיר, אַז נישט וועט ער דיר אינגיכן פירן צו דער לויה.

אונדזער רופא „הוליע דער משוגענער“ וועט דיר העלפן ווי אַ טויטן אַ פּלעסק.

שלמהלע האָט ביטער געשמייכלט און אין דער שטיל אָפּגעענט־פערט:

— מיין טאַטן גיי איך גאָרנישט אָן, ער האָט זיך פון מיר מייאש געווען. איך שטיי אים, אַזוי ווי אַ ביינדל אין האַלדז. איך עס צו פיל און טרינק צו פיל און פאַרעיפּוש נאָך די שטוב אויך.

ער טענהט אַז איך האָב מיין מאַמעס חולאת... נו? איז וואָסזשע וועט מיר העלפן זשיטאָמיר?...

— גיי, שוין גיי, נאָר אייגער האָט בענציע שפּאָטיש אַ זאָג געטון, היינט אין אָוונט וועל איך גיין צו דיין טאַטן און וועל אים נויטן אַז ער זאָל זיך מער אויף דיר אַרומקוקן.

— אַ שאָד אייער טרחה, עס וועט זיין אַ ברכה לבטלה, האָט שלמה־לע מיט פאַרזשמורעטע אויגן אָפּגעענטפערט. מיין טאַטע זאָגט אַז איך וועל שוין סיי ווי סיי לאַנג נישט קלעווען. שלעכט און ביטער איז מיר וואָס מיינע אויגן זענען נאָך אָפן, און ווער ווייסט ביז וואַנען וועט דער הונגער און דורשט מיך נאָך אַזוי פּייניקן, וויפיל איז דער שיעור? עס נעמט גאָר קיין סוף נישט.

איך בין דערציטערט געוואָרן פון אַזעלכע דיבורים. עס האָט זיך מיר געדאַכט אַז נישט שלמהלע אַ יינגל אין מיינע יאָרן רעדט דאָס, נאָר עפּעס אַ באַיאָרטער אָפּגעלעבטער מענטש שטאַמלט אַרויס פון זיין מויל.

— 4 —

עס איז געווען אַרום צען אַזייגער אין אָוונט און בענציע האָט זיך נאָך נישט אומגעקערט אין קלייט. אָן אים האָבן מיר נישט געטאָרט פאַרשליסן דעם פּראָנט. מיר האָבן אויף אים געוואַרט. יעדער שעה האָט זיך אונדז אויסגעצויגן פאַר אַ יאָר. אין דרויסן האָט געבושעוועט אַ שרעקלעכע זאַווערוכע, דער ווינט האָט געפייפט און געוואָיעט אין די פאַרפרוירענע שויבן.

— ער קער יעצט זיין ביי דיר אין שטוב און טענהט איין מיט דיין טאַטן, — האָב איך אין יענעם מאָמענט אַ זאָג געטון צו שלמהלען. אָבער שלמהלע איז געזעסן ווי אַ פאַרגליווערטער אָנגעשפאַרט אין דעם ווינקל צווישן וואַנט און וואַרשטאַט. ער האָט גאָרנישט געענטפערט. זיין פּנים איז געווען בלאַס און דאָס מויל און אויגן אָפן. ער האָט לאַנג־זאַם און טיף געאָטעמט, אָבער קיין ענטפער איז נישט געקומען. אַ דער־שראָקענער האָב איך אים גענומען טרייסלען און רופן, ער איז געווען אינגאַנצן באַווּסטלאָז, פון זיין מויל האָט זיך כּסדר געטראָגן יענער שטאַרקער פאַרניפּטעטער גערוך, וואָס האָט געאיבלט און פאַרשיכורט.

אויסער זיך פון שרעק האָב איך אויף מיר אַרויפגעכאַפּט מיין פּאַל־טעלע און באַשליק, איך האָב פאַרשלאָסן דעם פּראָנט און גענומען לויפן איבער די פאַרשנייטע געסלעך ווו די אויגן האָבן מיר געטראָגן.

געשמיסן פון דעם ווינט בין איך געלאָפן ווי עפּעס אַ נישט־גוטער וואָלט מיך געטריבן. איך האָב פאַרבלאָנדזשעט צום קלויסטער־טייך. נאָכהער אויף דער רודניע, און שפּעטער ווידער, נעבן וואלאסק, אַזוי האָט דאָס מיך אַרומגעפירט ביי אַ שעה צייט, ביז איך האָב דערזען די שיין אין פענצטער פון מאָטל צעסאַרסקיס דירה.

אַ פאַרפרוירענער און אַ פאַרסאָפּעטער בין איך אַהין אַריינגעפאַלן ביים טיש זענען זיך געזעסן בענציע און מאָטל און האָבן געמיט־לעך ביי אַ גלאָז טיי, געשמועסט — — — — — — — — — — — — —

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט צום „פּראָנט“, האָבן מיר געטראָפן שלמהלען זיצן אין דער זעלבער פּאָזע ווי איך האָב אים איבערגעלאָזט: מויל און אויגן אָפן, אָבער שוין אָן אָטעם און אָן לעבן.

— פּונקט ווי זיין מאַמע איז ער אויסגעגאַנגען, — האָט מאָטל צע־סאַרסקי, אַ דערשלאָגענער, גערעדט. ווו בין איך מיט איר נישט אויס־געווען? ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרן פון זשיטאָמיר, קיעוו און אָדעס. ווען זי איז מיט אים פאַרגאַנגען אין שוואַנגערן, האָט זיך געדאַכט, אַז זי בעסערט זיך, אָבער באַלד נאָך זיין געבורט איז זי אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט.

— 5 —

דערמאָנט האָב איך מיך אין דער דאָזיקער געשיכטע מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען אַלס ידנגער דאָקטאָר איז מיר געקומען צו דער האַנט דער קאַרליק „פּערמין", וואָס מען האָט געבראַכט אין סאַן ראָקאַ־שפּיטאָל און מען האָט אים אָפּגעלייגט אין דער צוועלפטער פּאַלאַטע.

מיט דער הילף פון דעם נאָר־וואָס דערפונדענעם מיטל „אינסולין" איז אונדז געלונגען אים אָפּצוראַטעווען.

אָן אינסולין קאָן ער שוין נישט לעבן, ווי אַ פיש אָן וואַסער, דאַרום מוז ער זיך שטענדיק געפינען אַרום דעם שפּיטאָל.

יעדן פרימאָרגן, ווען איך פלעג אים דערזען, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז שלמהלע מגולגל געוואָרן אין אַ לץ, וואָס שפּרינגט און טאַנצט מיר אין די אויגן ביים טויער פון שפּיטאָל „סאַן ראָקע".

# אין יענעם ערב פסח

— 1 —

שטענדיק, ווען עס דערנענטערן זיך די טעג פון פסח, דערמאָן איך מיך אין יענער פּאַסירונג, וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון אויף אייביק. כאָטש עס זענען שוין פאָראיבער מער פון דריי צענדליק יאָר, שטייט עס מיר פאַר די אויגן אַזוי בולט און קלאָר, ווי ערשט נעכטן זאָל דאָס האָבן געשען.

פאַרוויסט און צעשטערט ליגט איצט מיין געבורט־שטעטעלע. דער שונא האָט אַלעס פאַרניכטעט, נישט געשוינט אַפילו דעם אַלטן בית־עלמין, ווו עס זענען געלעגן באַהאַלטן די ביינער פון דורות־הייליקע נשמות.

די ציפּרעסן ביימער אַרום זיין הויכן פאַרקאַן, וואָס האָבן ביי אונדז חדר־יינגלעך, אין יענער צייט אַרויסגערופן אַ געפיל פון אימת־מות, האָבן דאָ נישט לאַנג צוגעזען, ווי חיות אין מענטשן־געשטאַלט איזדיעקעווען זיך אויף זיינע קברים.

איין מצבה נאָך דער אַנדערער איז מיטן רעשט פון מת אַרויסגע־ריסן געוואָרן און אויף אַ שייטער־הויפן, נעבן הייליקן אָרט, צום הימל אַוועק.

דאָרט, אין יענעם פייער„ איז אויך חיה־שרהלעס סקעלעט צו אַש געוואָרן...

נאָכדעם, ווען די רוצחים האָבן זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן פאַרניכטן און פאַרשוועכן אַזוי פיל הייליקע געדעכענישן, דערציילן די ציפּרעסן־ביימער מיט זייער שעפּטשענדיקער שפּראַך, האָבן זיי פאַרוואַנדלט דעם געשענדעטן בית־עולם אין איין גרויסער קרקע. פון אַלע קברים איין קבר

געמאַכט און אַהין האָבן זיי אַריינגעשליידערט טויטע זקנים און זקנות, צוזאַמען מיט זייערע זין און טעכטער.

אין פול־געפּאַקטע גאַז־קאַמערן האָט מען זיי אַהין פאַרשלעפּט...

אָט אַזאַ שטיקל אַרבעט האָבן די שלוחים פון אשמדאי אָפּגעטון אין טאָג פון ערב־פּסח, צוריק מיט אַ פּאָר יאָר.

— 2 —

יאָ, חיה־שרהלעסביינער האָבן זיי אויך פאַרברענט, אָבער איר גע־שטאַלט שוועבט נאָך עד היום פאַר מיינע אויגן. פונקט ווי איך האָב זי געזען מיט 34 יאָר צוריק, ווען איך האָב געלערנט ביי איר טאַטן אין חדר.

זי איז אָן ספק געווען די שענסטע פון שטעטל. אַ ציטערדיקע ביי אירע טאַטע־מאַמע, האָט מען אויף איר קיין שטויב נישט געלאָזט פאַלן. זי האָט געבליט ווי אַ שיינע פּרינצעסין, וואָס איז עפּעס ווי דורך אַ טעות אַריינגעפאַלן צום אָרימען דוד דער מלמד פאַר אַ טאָכטער.

פון שווערע שוואַרצע לאָקן איז באַשטאַנען איר שיינער קאָפּ האָר. קלוגע פאַרחלומטע אויגן האָבן מיט זייער בליק יעדן צערטלעך געגלעט, און צוויי טיפע חן־גריבעלעך האָבן זיך באַוויזן אויף אירע קלאָר ווייסע באַקן, ווען זי פלעגט נאָר עטוואָס אַ שמייכל־טון. אַלע טאַטע־מאַמעס האָבן זיך געבענטשט מיט איר און מיר, חדר־יינגלעך, האָבן זי פאַרגליכן מיט פאַרשידענע העלדינס פון תנ״ך.

אין אונדזערע אויגן האָט זי אויסגעזען ווי מרים, אָדער רות, אסתר המלכה, אָדער דבורה הנביאה לויט די וואָס מיר האָבן געהאַלטן אין לערנען. אַזאַ געשטאַלט האָט זי ביי אונדז אָנגענומען. עפּעס אַ מאָדנער הייליקער גייסט האָט פון איר געוויייעט. די גרעסטע שטיפערס אין חדר פלעגן אין מיטן גרעסטן קאָמאַנדעווען, ווי געליימט ווערן, ווען זי פלעגט דערשיינען אין חדר־צימער. איר ליבלעכער בליק, אָן לשון, איז געווען גענוג.

אַפילו ווען אַ פרומער גוי פלעגט זי באַגעגענען אין מאַרק, פלעגט

ער זיך איבערצלמען. געוויס האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס איז די הייליקע בתולה, וואָס וואַנדערט אויף דער זינדיקער ערד צווישן זשידעס...

דעם נאָמען חיה האָט מען איר צוגעגעבן נאָכדעם, ווי זי איז איבערגעקומען דעם שווערן פלעק־טיפוס אין יענעם ווינטער, ווען זי איז אַלט געווען אַכצן יאָר. אַ זעקס וואָכן צייט האָט זי זיך דאַן געראַנגלט מיטן טויט. נישט איין מאָל האָט די לופט פון דעם גרויסן בית־מדרש אויפגעשטורעמט מיט איר מוטערס אַריינפאַלן אין אָרון־קודש, גאָט בעטן פאַר איר...

אַ שטיקל צייט נאָך דעם טיפוס האָט זי זיך צעבליט און פון טאָג צו טאָג איז זי אַלץ שענער און ליבלעכער געוואָרן.

איין־און־איינציקן חסרון האָט זי פון דעם טיפוס אָפּגעשפּאָרט, וואָס פלעגט איר פאַרביטערן דאָס לעבן; אין די שיינע ליכטיקע טעג, ווען דער הימל איז געווען לויטער און די זון האָט געשיינט דורך די טעג פון באַגינען ביז אָוונט, און נאָכהער דער אויסגעשטערנטער הימל ביינאַכט, איז זי געווען אַ מענטש גלייך מיט אַלע. אָבער ווען אין די זומער־טעג פלעגט זיך דער הימל פאַרכמאַרען, פלעגט אויך איר געמיט ווערן פאַרוואָלקנט. זי פלעגט דאַן ווערן אומרואיק, צעחושט און האָט נישט אַראָפּגענומען אירע צעשראָקענע אויגן פון די שוואַרצע וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט. ווער ווייס וואָס זי פלעגט זען אין דעם שטורעם פאַר אַ רעגן, וואָס האָט איר געמאַכט דערמאָנען אין די קאָשמאַרן פון איר אַמאָליקן פיבער־דעלירִיום. מיטן ערשטן בליץ און דונער פלעגט זי אַ פאַרצאַפּלטע אַריינלויפן אין שטוב באַהערשט פון פּאַניק און היסטעריע און זיך אַריינוואַרפן אין בעט, איינגנאָרען זיך אין אַ באַרג מיט קישנס, אַז זי זאָל נישט הערן און נישט זען וואָס אַרום איר טוט זיך. דאָס דאָזיקע אָנשיקעניש איז באַקאַנט מיטן נאָמען „סידעראָפאָביע“ (מורא פאַר די קאָסמישע עלעמענטן).

דער רבי און די רביצין פלעגן פאַרצווייפלט אַרומלויפן אַרום איר און נישט וויסן וואָס צו טון.

אַ שטיק צייט האָט מען דעם דאָזיקן חסרון געהאַלטן בסוד, אָבער די חדר־ייִנגלעך האָבן דאָס צעטראָגן, און די גאַנצע שטאָט האָט זיך דערוווסט, אַז מיט דוד דעם מלמדס טעכטערל איז עפּעס נישט גלאַטיק.

מען האָט זי אָנגעהויבן באַטראַכטן פאַר אַ „געריריטע״; מען האָט איר צוגעשריבן צו אַלע מוראדיקע, וואָס פלעגן זיך אַרומבלאָנקען אין שטאָט, מיט צעשראָקענע פנימער.

— 3 —

באַלד נאָך פורים ווערן די חדר־ייִנגלעך געוויינטלעך מער אויפגע־לעבט. יעדער טאָג ברענגט נייע סימנים פון דעם קומענדיקן פרילינג און זומער. די זון וואַרעמט וואָס אַמאָל מער און דער שניי צעגייט. פון אַלע געסלעך פליסן ריטשקעס צו דער גרויסער קאַנאווע, וואָס ציט זיך פון מיטן מאַרק און פאַרנעמט זיך אין אַ האַלבן קרייז אַרום דעם שול־הויף און לאָזט זיך אַוועק באַרג־אַראָפּ צום טייך, וואָס ווערט פון טאָג צו טאָג ברייטער ווי לענגער. אומעטום הערט מען נאָך דעם וואַסער־גערויש, און אויף דעם טייך טראָגן זיך שטיקער קריעס אין פאַנטאַסטישע פאָרמען.

אָבער דאָס אמתע פאַרגעניגן און פרייד דערפילט ערשט דאָס חדר־ייִנגל, ווען עס הויבט זיך אָן דער טאַראַראַם פון אַרייַנברענגען דעם פסח. דאָ און דאָרט, דורכלויפנדיק פאַרביי אַ פענצטער, כאַפּט ער אויף דאָס באַקאַנטע גרילצן פון אַ ריגל, וואָס ריגלט מצות אויף אַ גרויסן בלעך. עס דערטראָגט זיך צו אים פון יענער שטוב דער געמיטלעכער געשפּרעך פון פרויען, וואָס קאַטשען די מצות. ערגעץ אַנדערש הערט ער זינגען פאָלקס־לידער, וואָס די פרויען זינגען אין כאָר ביי דער דאָזיקער היילי־קער אַרבעט.

אין חדר גופא איז דער רבי דער קפּדן שוין גאָרנישט אַזאַ שלעכטער. עס דוכט זיך, אַז ער איז עפּעס אַביסל יום־טובדיק. מען לערנט דעם טייטש פון דער הגדה, וואָס קלינגט ווי אַ צויבער־מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט. מען חזרט איין דעם קידוש און די קשיות. מאַנכעס מאָל פאַרשווינדט גאָר דער רבי אינגאַנצן אויף אַ פּאָר שעה פון חדר. עס איז דאַן גאָר אַ לעבעדיקע וועלט...

יענעם פאַר־פסח וועל איך אָבער האָבן צו געדענקען ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג:

עס איז געווען דער לעצטער טאָג פון זמן, דער רבי איז אַוועק צום „פּאָדראַד״ משגיח זיין אויף זייַנע שמורה־מצות, וואָס מען האָט געהאַלטן אין באַקן. ער האָט איבערגעלאָזט דעם חדר אויף גאָטס באַראָט. ווי אויף אַ שיף אָן אַ רודער, דאָ האָט זיך צוליב עפּעס אַ נאַרישקייט אויפגעהויבן אַ סומאַטאָכע צווישן דער חברה; עס האָבן אָנגעהויבן פליען בענקלעך, און — פייערדיקע פּעטש... די געשרייען און די געוואַלדן זענען געגאַנגען ביזן הימל...

פּלוצלינג האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און עס האָט זיך איז איר באַוויזן חיה־שרהלעס געשטאַלט... אומבאַוועגלעך איז זי דאָרט געבליבן שטיין, ווי עפּעס אַ געשפּענסט־דערשיינונג, אירע פאַרחלומטע אויגן האָבן אַראָפּגעקוקט צו אונדז מיט טיפן טרויער. זיי האָבן אויסגעזען אַ סך גרעסער, צוליב די טרערן מיט וועלכע זיי זענען געווען פאַרלאָפן.

אַזוי שטייענדיק אין ראַנד פון דער טיר, אָן לשון, האָט זי דעם אויפגעברויזטן חדר־עולם באַהערשט. ווי געלייעמט זענען אַלע שטיין געבליבן מיט פאַרשעמטע און צעביילטע פּנימער. אַ מאָדנע איבערקוקן זיך האָט אַלעמען אַרומגענומען, און עפּעס אַ שטילער כליפּ האָט זיך דערהערט פון אייניקע, וואָס האָבן מיט די הענט די פּנימער פאַרדעקט...

צוזעענדיק אַזאַ הכנעה און חרטה־אויסדרוק מצד די יינגלעך, איז חיה שרהלעס הימלישער פּנים פאַרביטן געוואָרן אויף אַ געשטאַלט פון טיפן באַדויערן און רחמנות.

ענדלעך האָט זי זיך געלאָזט געיין צום טיש און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם רבינס בענקל. און מיר, איינער נאָך דעם אַנדערן, האָבן שטיל אָנגעהויבן פאַרנעמען אונדזערע ערטער, ווישנדיק בעת־מעשה די אויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך איר זיסער קול געלאָזט הערן. מיט אַ שטימע, וואָס האָט געציטערט ווי דער אָפּקלאַנג פון אַ גאָלדן גלעקעלע. דאָס זענען געווען קלוגע שטראָף־ווערטער, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען טיף אין אונדזער נשמה. מיט געבויגענע קעפּ האָבן מיר זיך צוגעהערט צו אירע רייד.

פּלוצלינג האָבן מיר אָנגעהויבן באַמערקן עפּעס אַן ענדערונג אין

איר שטימע. די ווערטער — אָפּגעהאַקטע; עפּעס אַ מאָדנע פייערל האָט זיך אָנגעצונדן אין איר אויגן. פון מינוט צו מינוט איז זי אַלץ נער־וועזער געוואָרן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זי זיך אַרויסגעטון פון איר אָרט און האָט גענומען לויפן ווי אַ באַנומענע פון איין פענצטער צום צווייטן.

— קינדער! — האָט זי אַ רעווע־געטון, נישט מיט איר קול — איך בין פאַרפאַלן! איך בין פאַרפאַלן!... ראַטעוועט מיך, אַ שוואַרצע כמאַ־רע... געוואַלד, אַ שוואַרצע, געדיכטע כמאַרע רוקט זיך אָן אויף דעם הימל... ווו זענען זיי, מיין טאַטע און מאַמע? — האָט זי זיך גענומען פּאַר די האָר רייסן — עס וועט באַלד דונערן און בליצן!... — האָט זי איצט שוין געקוויטשעט.

צעשראָקענע אויף טויט האָט זיך דער גאַנצער חדר ייִנגלעך איינ־געקלאַמערט אין חיה־שרהלעס קערפּער, וואָס האָט געציטערט פון קאָפּ ביז די פיס. איר פּנים האָט איצט אויסגעזען שרעקלעך, אירע אויגן אַרויסגעסטאַרטשעט פון די אויגן־לעכער און אירע האָר צעשויבערט ווי ביי אַ מכשפה...

און אַזוי איז דאָס טאַקע געשען. עס האָט אין דעם פינצטער־געוואָ־רענעם דרויסן אַ גרויסער בליץ־געטון, אַז דער הימל האָט זיך געדוכט, איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער און באַלד האָט אָפּגעקנאַלט אַ דונער, אַז די שויבן פון די פענצטער זענען צעפּראַכט געוואָרן און... חיה־שרהלע איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטע אויף דער ערדענער פאָל צופוסן פון דעם לאַנגן חדר־טיש... — — — — — — — — — — — — — — —

איידער ס'איז נאַכט געוואָרן, איז אונטער אַ שלאַגס־רעגן, חיה־שרה־לע צו קבורה געקומען אויפן אַלטן בית־עלמין.

יאָרן זענען אַוועק און גאָטס צאָרן, ערגער פון דער תוכחה, האָט זיך אויסגעגאָסן אויף דעם פאָלק ישראל. בייזע חיות, וואָס זענען מגולגל געוואָרן אין געשטאַלט פון מענטשן, האָבן זיך אַריינגעריסן אין מיין גע־בורט־שטעטעלע. זיי האָבן דאָס צעשטערט און פאַרוויסט... און אין דעם זעלבן טאָג פון חיה־שרהלעס יאָרצייט האָבן זיי מיטן שייטער־הויפן אירע ביינער צום הימל אַוועקגעשיקט, אַז זיי זאָלן זיך באַהעפטן מיט איר ריין־געלייטערטער נשמה.

# בערל דער ליכט-ציער

— 1 —

עס איז געווען פאַר ימים נוראים. חברה סטודענטן, אַלע געוועזענע ישיבה־בחורים, האָבן זיך פאַרקליבן צו חבר גינזבורג אין צימערל. עס איז געקומען צו רייד וועגן די אייגענע איבערלעבענישן וואָס יעדער האָט דורכגעמאַכט אין דער אַלטער היים. עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט; אַלע שכנים פון הויף זענען שוין לאַנג געשלאָפן, נאָר די שיינע רייזעלע, דעם „ענקאַרגאַדאָס״ טעכטערל, איז געזעסן אין אויבערשטן צימערל צווישן די באַנק־קוועטשערס, ווי זי פלעגט רופן די סטודענטן. אָפט פלעגט זי זיצן צווישן זיי אין די אָוונטן. די סטודענטן האָבן צו איר געפילט שיעור נישט אַ יראת־הכבוד. רייזעלע איז פאַר זיי געווען אַ שטראַל ליכט אין זייער עלנד און שווער לעבן.

זי פלעגט זיי באַהאַנדלען ווי ברידער, און יעדער איינער פון זיי האָט אין איר געזען זיין ליבהאַרציק שוועסטערל, וואָס ער האָט איבער־געלאָזט אין דער אַלטער היים.

ווען איין סטודענט האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, האָט זי אים געטרייסט און געמוטיקט און אַליין האָט זי זיך גוט אויסגעוויינט ערגעץ אין אַ ווינקל אַז קיינער זאָל נישט זען. אויב עס האָט אויסגע־בראָכן אַ קריג צווישן דער חברה, איז זי געווען די פרידנס־טויב, וואָס האָט געבראַכט שלום.

אין יענעם אָוונט איז אויך רייזעלע געזעסן צווישן די סטודענטן, וואָס האָבן לכבוד יום־טוב אַוועקגעלייגט די ביכער און זיך דערציילט מעשיות, זכרונות פון זייערע קינדער־יאָרן.

***

ווער פון אונדז, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין אַ פרומער סביבה, האָט נישט עפּעס צו דערציילן פון די איינדרוקן, וואָס עס האָבן אויף אונדז געמאַכט די הייליקע טעג, די ימים נוראים?

ווען עלכעס יידיש ייִנגל איז אין שול יום־כּפּור נישט דערציטערט געוואָרן ביים „...וקול דממה דקה ישמע... ומלאכים יחפזון...?" נישט איין חדר־ייִנגלס הערצל איז פאַרקלעמט געוואָרן ביז טרערן ווען ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע זיך פאָרגעשטעלט דעם מחבר פונעם „ונתנה תוקף" מיט אָפּגעשניטענע הענט און פיס אויסהויכן זיין לעצטן אָטעם־צוג ביים אָפּע־נעם ארון־קודש.

טיף אין אונטערבאַוווסטזיין ווערן איינגעקריצט אַ סך בילדער, וואָס מיר כאַפּן אויף אין אונדזערע קינדער־יאָרן. זיי באַהאַלטן זיך ערגעץ אין אַ ווינקל פון אונדזער מוח און שווימען אויפסניי אַרויף אין זכרון דורך אונדזער ווילן אָדער אין חלום.

— 2 —

גאָמבערג, איינער פון די סטודענטן, איז אַנטשוויגן געוואָרן. די מעשה וואָס ער האָט נאָר וואָס דערציילט האָט אַריינגעבראַכט דעם עולם אין אַן אומעטיקער שטימונג. אַ ווײַלע איז געווען שטיל אין צימערל. ביי רייזעלען זענען געשטאַנען טרערן אין די אויגן. ענדלעך האָט זי זיך אָנ־גערופן: נו, און דו, שלמהלע, האָסט גאָרנישט וואָס צו דערציילן?

דאָס האָט זי זיך געווענדט צום ייִנגסטן סטודענט, וואָס איז דעם גאַנצן אָוונט געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל אַ פאַרטראַכטער.

שלמהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף און האָט אָנגעהויבן רעדן:

— ...יעדעס יאָר ווען עס קומט צו ימים נוראים, דערמאָן איך מיך אין יענער נאַכט פון יום כּפּור ווען עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שרעק־לעכע סצענע ביי אונדז אין שטעטל.

הינטערן שטעטל, באַרג אַראָפּ, נישט ווייט פונעם טייך, ביים ראַנד פון אַ ברייטער און טיפער קאַנאַווע דורך וועלכער עס האָט זיך תמיד גע־

טראָגן מיט אימפעט צום טייך אַ שטראָם פון אַלע רינשטאָקן פון שטעטל, האָט מיין פאָטער מיט זיינע אייגענע הענט אויסגעבויט אונדזער דירה.

דאָס דאָזיקע פאַרוואָרפּענע שטיקל פּלאַץ האָט ער געקראָגן „במתנה" פון אונדזער רייכן קרוב „דער יידישער פּריץ" פונעם שטעטל, ווי אַלע פלעגן אים רופן.

אַ וויסטע חורבה פון וועלכער עס ווייעט מיט טויט־שרעק, זע איך זי איצט, ווען כ'דערמאָן מיך אין איר. איך זע אויך איצט דאָס זומער־דיקע אויסגעטריקנטע און איינגעשרומפּן טייכל אַרויס פון זיינע ברעגעס אסיען־צייט און באַלד פאַרפרוירן ווערן מיטן אָנקומען פונעם ערשטן פרעסטל. און ווען עס קומט דער שיינער פסח, זע איך דאָס פאַרלאָזטע שטיבל אינמיטן וואַסער ווייל דער טייך צעגיסט זיך און צעשפּרייט זיך איבער דער לאָנקע. דאַן זעט ער אויס ממש ווי אַ ים אויף וועלכן עס שווימען אום שטיקער קריעס אין פאַנטאַסטישע פאָרמעס. איין קריע טראָגט זיך נאָך דער אַנדערער, געטריבן ווער ווייסט פון וועלכן טייוול. עס מוז זיך נאָך הערן עד היום אין מיין אַמאָליקן צימערל אין די נעכט פון פסח דאָס קראַכן פון די שטיקער אייז, וואָס שלאָגן זיך אָן איינס אין אַנדערן. יעדעס יאָר ווערט דורך אַ פאַרבייגייענדער קריע אָפּגעריסן אַ שטיק פון דער דירה, וואָס מיין טאַטע האָט מיט אַזוי פיל מי אויסגעבויט. באַרג אַרויף צום שטעטל צו שטייט דער הילצערנער פאַרקאַן, וואָס רינגלט אַרום דעם שול־הויף מיט די דריי בתי־מדרשים.

פון אונדזער שטוב האָט מען געזען נאָר די מזרח־וואַנט פון דער אַלטער קלויז, אָבער דורך אירע פענצטער האָט מען געקענט גאַנץ גוט באַמערקן, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. זומער, ווען די פענצטער פון קלויז זענען געווען אָפן, האָט מען ביי אונדז אין שטוב גוט געהערט דעם בעל־תפילה. אין מיין קינדהייט האָב איך ביינאַכט אַפילו מורא געהאַט אַ קוק צו טון צו יענעם אָרט ווו דער שול־הויף איז געשטאַנען, ווייל וועגן דעם שול־הויף מיט זיינע דריי בתי־מדרשים זענען אומגעגאַנגען אַזעלכע שרעקלעכע מעשיות פון וועלכע די האָר האָבן זיך געשטעלט קאַפּויר. דורך די טעג האָב איך ליב געהאַט מיך אַריינכאַפּן אין דער אַלטער קלויז, זיך אַוועקזעצן לעבן אַ שטענדער און זיך צוהערן צום מינדסטן

שאַרף וואָס פלעגט קומען פון דער שול־שטילקייט. איך בין דאַן אַלט געווען אומגעפער אַ יאָר אַכט אָדער ניין און בין נישט געגאַנגען אין חדר. מיין פאָטער איז געווען אַ מלמד און פלעגט מיט מיר לערנען אין זוונט ווען ער איז געקומען פון תלמוד תורה, נאָך אַ גאַנצן טאָג קנעלן מיט די תלמידים. דערפאַר האָב איך פוסט און פאַסעוועט גאַנצע טעג, אָפּגעבנדיק זיך מיט קינדישע פאַרגעניגנס, ביים טייך און אַרום שטוב. קיינע חברים האָב איך נישט געהאַט. אונדזער שטיבל הינטערן באַרג האָט אויסגעזען ווי עמיץ וואָלט עס געווען פון דעם שטעטל אַרויס אַ שליידער געטון, האָט עס זיך אַראָפּגעקייקלט פון דעם באַרג און געבליבן שטעקן אַליין אונטן. קיין קינד, קיין רינד האָט זיך דאָרט קיינמאָל נישט באַוויזן.

די אַלטע קלויז האָט מיך אין די זומערדיקע טעג פּשוט פאַרכישופט: מיינע אויגן האָבן זיך נישט אָנגעזעטיקט פון קוקן אויף דעם שיינעם באַלעמער, וועלכער איז באַצירט געווען מיט זעקס מאַרמאָר־זיילן. דער פאַנטאַסטיש־געשניצטער ארון־קודש מיט זיין סאַמעט בלויען פּרכות, האָט פאַרוואַנדלט די מזרח־וואַנט אין אַזאַ הייליקטום, אַז עס האָט מיין קינדישער פאַנטאַזיע אויסגעדאַכט אָט־אָט עפנט זיך דאָרט אַ טויער פון הימל און עס וועלן זיך אַנטפּלעקן פאַר מיינע אויגן געטלעכע בילדער.

אַזאַ פאַנטאַזיאָר אַ ייִנגל בין איך געווען.

טיילמאָל האָט מיך געצויגן אין דער צווייטער שול, אין בית מדרש, וואָס איז געשטאַנען מיט עטלעכע טריט ווייטער פון דער קלויז. דער דאָזיקער בית־מדרש האָט אין זיך פאַרמאָגט מער אָרנאַמענטן: די צוועלף מזלות. יעדער מזל מיט זיין חודש איז געווען אָפּגעמאָלט אויף די ווענט, אין פאַרשידענע קאָלירן. דער עמוד פון וועלכן עס האָט אַראָפּגעשיינט גאָלדיקע פּסוקים און אַ מנורה, האָט אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק ווי עס וואָלט געווען די איבערגעבליבענע טייל פונעם בית־המקדש.

אין בית־מדרש בין איך קיינמאָל נישט געווען אַליין. שטענדיק האָב איך דאָרט געטראָפן מאָדנע ברואים, וואָס פלעגן זיך אַפּירשלייכן פון אונטער דער הרובע. דאָס זענען געווען קאַליקעס, קריפּלען אָדער פון זיינען געריטע, אָנגעקומענע ווער ווייסט פון וואַנען, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע האָבן זיי זיך געוואָרפן אַלעמען אין די אויגן אַריין. און

צווישן זיך האָבן זיי געשמועסט וועגן זאַכן וואָס האָבן מיט זיי פּאַרלאָפן אין ווײַטע און אומבאַקאַנטע פּאַר מיר מקומות.

אין דער זעלבער צײַט פלעגט זיך איבערן חלל פונעם בית מדרש צוטראָגן אַ מאָנאָטאָנע תהילים־ניגון. דאָס האָט דער אַלטער בערל, דער ליכט־ציער בלינדערהייט געזאָגט תהילים אויף אויסנווייניק.

גאַנצע טעג פלעגט ער אַזוי אָפּשטיין אין צפון־מזרח־ווינקל פון שול און האַלטן אין איין זאָגן און זאָגן ביז ער האָט דערפילט אויפן פּנים דעם וואַרימען שטראַל פון דער זון אין דער שקיעה־שעה, וואָס האָט אַריינגע־דרונגען דורך אַ פענצטער. אַ פאַרגאַפטער בין איך איינמאָל אָפּגעשטאַ־נען אַנטקעגן אים מיט אַן אָפענעם תהילים אין האַנט אַ גאַנצע שעה. איך האָב געוואָלט זען צי היפּעט ער איבער עפּעס אַ וואָרט, אָבער די קאַפּיט־לען זענען פליסיק אַרויס פון זיין מויל גאַנץ און קיין אות איז פון זיי נישט געמינערט געוואָרן. זיין שטימע האָט געקענט רירן אַ שטיין. פון יעדן וואָרט האָט זיך געהערט אַזויפיל טרויער און פון זיינע אויסגעלאָ־שענע אויגן האָט ער געגאָסן פלגי מים.

פאַרנאַכט בין איך אַוועק אין קלויז און מיך אַוועקגעזעצט אויפן טאַטנס שטאָט; אַזוי האָב איך ליב געהאַט תמיד צו טון. דער טאַטע פלעגט ערשט קומען צו מעריב אין שול.

אין יענעם אָוונט איז דער אַלטער בערל מיר נישט אַרויס פון קאָפּ. גייענדיק פון קלויז אַהיים, האָב איך מיר אָנגערופן צום טאַטן:

— טאַטע, וואָס איז דאָס פאַר אַן ענין אָפּשטיין גאַנצע טעג אויף די פיס און זאָגן תהילים?

— דו פרעגסט עס אודאי, זון מיינער, קעגן בערל ליכט־ציער. ניט אמת?

— יאָ, טאַטע, פאַרוואָס טוט ער דאָס?

— אָ, קינד, דאָס טוט ער אַזוי תשובה פאַר זיינע שווערע עוונות, פאַר זיינע חטאות־נעורים. אַלס קינד האָט ער ליב געהאַט אָנטון שאַדן. זייער אַ שלעכט קינד איז ער געווען. אַן אמתן פאַרגעניגן האָט ער גע־האַט ווען ער האָט צעבראָכן, צעריסן, קאַליעטשעט אַלץ וואָס איז אים נאָר צו דער האַנט געקומען. מיט דער צייט האָט זיך זיין שלעכטער כאַ־

ראַקטער אויסגעדריקט אין שעדיקן דורך פייער — אין פאַרברענען. ער אַליין האָט מיר איינמאָל דערציילט אַז עס פלעגט אויף אים אָנפאַלן אַן אַנגסטלעכער פאַרלאַנג צו זען פלאַמען פייער. ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען אַז נישט איין שריפה האָט ער פאַראורזאַכט; ער האָט אַפילו אָנגעגעבן דעם פינקטלעכן מאָמענט פון יעדער שריפה. „מיינט איר אפשר", האָט ער מיר געזאָגט אַז איך האָב דאָס געטון מיט מיין איי־גענעם ווילן, שווער איך אייך אַז ניין! עפּעס אַ מאָדנע קראַפט, אַ מין קליפה האָט זיך אין מיר אָנגעטשעפּעט און מיך געצוואונגען: „צינד אונ־טער דאָ; צינד אונטער דאָרט" — עס האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף און איך האָב יעדעס מאָל איבערגעלעבט אַ מוראדיקן געראַנגל. איך האָב זיך כסדר געפּרוּווט ווערן קעגן דער בייזער אָנשיקעניש, אָבער זעלטן ווען איך בין אַרויס דער זיגער. און ווען דאָס גוטע אין מיר האָט גובר געווען, האָב איך מיך געפילט אַזוי גליקלעך. נאָר אַמיינסטן האָט מיך, ליידער, די קליפה מנצח געווען. דאַן האָב איך ווי אַ חסר־דעה זיך געלאָזט לויפן צום פּלאַץ וואָס כ'האָב באַשלאָסן אונטערצינדן. עס האָט געמעגט זיין שבת, אָדער יום־טוב, פאַר מיר איז דאָס נישט געווען קיין מניעה. די משוגעת האָט געבושעוועט אין מיר און כ'האָב געמוזט פאָלגן.

דאָס אַלץ האָט מיר דער אַלטער בערל דערציילט, האָט מיין טאַטע פאַרענגדיקט ווען מיר זענען אַריין אין שטוב.

אַ צעמישטער בין איך אַ גאַנצן אָוונט געזעסן. די מעשה האָט מיר אויסגעזען עפּעס אַזוי מאָדנע שרעקלעך. ס'איז גאָרנישט, האָב איך גע־טראַכט, אַ מענטש טוט אָפּ אַזעלכע שוידערלעכע פאַרברעכנס קעגן זיין אייגענעם ווילן. און אָן אַ שיעור פראַגעס האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן אין מיין קינדישן שכל.

— 3 —

מיט דער וועלט און אירע אויסטערלישע פּאַסירונגען האָב איך מיך באַקענט דורך מיין פאָטערס שילדערונגען. ער איז געווען אַ מעין המת־גבר; אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל. אַלץ איז פון זיין מויל אַרויסגעקומען אַזוי קלאָר און דייטלעך. איך האָב ליב געהאַט אים הערן. רעדן פון וועלט

זאַכן: גאַנצע שעהן, פאַרן שלאָפן, פלעגן מיר, ליגנדיק אויף אונדזערע געלעגערס, צווישן זיך רעדן אין דער פינצטער. יעדעס בילד, וואָס מיין פאָטער האָט מיר געשילדערט איז אין דער פינצטער אויפגעשווומען פאַר מיינע אויגן אַזוי העל און פאַרבנרייך. אין יענער נאַכט האָב איך אים געפרעגט:

— און ווי אַזוי איז ער בלינד געוואָרן, אָט דער אומגליקלעכער אונטערצינדער?

— גאָר פשוט, האָט מיין פאָטער געענטפערט. אַ סך יאָרן האָט ער געמאַכט ליכט, און דערפאַר האָט מען אים גערופן ליכטציער. איינמאָל, אַרבעטנדיקביים קעסל. ווען דער חלב האָט געזאָטן, האָט אים אַ שפּריץ געטון אין זיינע אויגן און ער איז בלינד געוואָרן. אָנשטאָט אויגן זענען אים פאַרבליבן צוויי אויסגעברענטע לעכער אין פנים.

גאָט מיינער! האָב איך אויסגערופן: אַ שווערע שטראָף האָט ער באַקומען פאַר זיינע זינד, טאַטע. אַ קלייניקייט אָפּלעבן אַלע יאָרן אין אייביקער פינצטערניש.

— אמת, זון מיינער, האָט מיין פאָטער געענטפערט. בלינד זיין איז ערגער פון אַלץ. אַ בלינד געוואָרענער זעט נאָר אין חלום.

— וואָס מיינסטו דערמיט, טאַטע? האָב איך געפרעגט.

— יאָ, קינד, נאָר אין חלום קען אַ בלינדער זען.

— איך פאַרשטיי דיך נישט, טאַטע. אפשר קענסטו מיר דערקלערן וואָס, אייגנטלעך, איז אַזוינס אַ חלום? פון וואַנען קומט ער?

— דאָס, קינד מיינס, איז זייער אַ שווערע פראַגע. אָבער איך וועל זיך באַמיען דיר געבן צו פאַרשטיין.

קיין חכם אין דער וועלט האָט נאָך ביז היינט נישט דערקלערט דעם אמת וועגן שלאָף־צושטאַנד. מיר ווייסן נאָר אַז בעתן שלאָפן הערן אויף די חושים, מיט וועלכע מיר באַנעמען די אויסערלעכע וועלט, צו אַרבעטן. די אויגן זעען נישט, אפילו ווען מ'האַלט זיי אָפן, אַ סך מענטשן שלאָפן מיט האַלב־אָפענע אויגן. די אויערן הערן נישט, און ד״ג דער גאַנצער קערפּער רוט. אַפילו די אינערלעכע איברים, וואָס טאָרן אויף קיין רגע זיך נישט אָפּשטעלן, אַרבעטן אויך אַ סך לאַנגזאַמער, די געדערים באַ־

וועגן זיך קוים. און דאָרט אויבן, אונטערן שאַרבן, ליגט זיך דער מוח מיט אונדזער גאַנץ גייסטיק פאַרמעגן פאַרשלאָסן. דאָרט איז שטיל. אַלע טירן וואָס פירן צו יענעם אוצר זענען פאַרזיגלט, נאָר דאָס בלוט דרינגט אַהין אַריין פּאַמעלעך.

אַלץ וואָס דו האָסט געזען אָדער געהערט אין משך פון טאָג, אין משך פון דיין גאַנץ לעבן, ווערט איינגעקריצט אין באַזונדערע טיילן פונעם מוח. מען קען אים פאַרגלייכן מיט אַן אַרכיוו, ווו אַלץ ווערט פאַרצייכנט, און  ווען  דו ווילסט קענסטו עפּעס פון דאָרט אַרויסבאַקומען. ווען דו דערמאָנסט זיך אין עפּעס, באַטייט דאָס אַז דו האָסט פון יענעם אַר־כיוו עפּעס אַרויסגענומען.

אַזוי ווי אַלע טאָג־טעגלעכע געשעענישן  דריקן זיך אָפּ אין מוח איינס לעבן אַנדערן, איז גאַנץ לייכט צו פאַרשטיין, אַז ווען דו דער־מאָנסט זיך אין איין זאַך, ברענגט זי מיט זיך אַרויף די צווייטע וואָס האָט מיט איר אַ שייכות. דאָס אויג פאַרצייכנט אין מוח אַלץ וואָס האָסט געזען; דער אויער — אַלע קלאַנגען וואָס האָסט געהערט, א. א. וו. אַפילו די נאָז האָט אויך דאָרט איר חלק.

איך האָב מיך צעלאַכט און מיין פאָטער האָט געזאָגט:

— לאַך נישט! אַלע ריחות, גוטע צי שלעכטע, אַלע טעמים ליגן צו־נויפגעפרעסט אין אַ חדרל פון מוח. און ווען דער ריח און טעם איז פון אַ געזעענער זאַך, געפינען זיך דאַן אָט די דריי אייגנשאַפטן אין גאָר נאָענ־טע באַציאונגען (כאָטש זיי ליגן אין באַזונדערע טיילן פונעם מוח) און, פאָלגלעך, ווען דו דערשפּירסט, למשל, דעם ריח פון אַן עפּל, האַלטנדיק פאַרמאַכט די אויגן, קומט דיר באַלד אין דמיון דער קאָליר, די פאָרם און דער טעם פונעם עפּל.

— אָבער זאָג מיר, כ׳בעט דיך טאַטע, האָב איך מיט קינדישער תמימות געפרעגט, וואָס זשע פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו חלומות?

— אַצינד, אַז דו האָסט פאַרשטאַנען אַלץ וואָס כ׳האָב דיר גע־זאָגט, קען איך דיר ענטפערן אויף דיין האַרבער קשיא, האָט מיר דער טאַ־טע געענטפערט מיט אַ גמרא־ניגון. אַ חלום, זון מיינער, איז אַ נאַטירלע־כע דערשיינונג נישט נאָר ביי מענטשן, נייערט אַפילו ביי חיות. די חיות

דריקן אויס זייערע חלומות אין געוויסע באַוועגונגען אין שלאָף. איך האָב דיר פריער דערקלערט אַז אין מוח ליגן צונויפגעזאַמלט אַלע איינ־דרוקן וואָס מיר האָבן אויפגעכאַפּט אויף דער וואָר. ווען מיר שלאָפן גע־שמאַק, און קיינער שטערט אונדז נישט, ליגן מיר גאַנץ רואיק, האָבנדיק פּאַרלוירפיק פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין פון צייט און אָרט. אָבער קוים האָט עפּעס אַ דרויסנדיקער מאָטיוו אָנגעהויבן רעגן אונדזער שלאָפנדן מוח, געשעט איינס פון דיביידע: ענטוועדער מיר ווערן וואַכעדיק; מיר כאַפּן זיך תיכף אויף, אָדער מיר ווערן אַריינגעצויגן נאָך טיפער אין אונ־דזער אינערלעכער וועלט. בלויז אַ טייל פון אונדזער מוח כאַפּט זיך קוים אויף. אין אָט דער טייל ליגן באַהאַלטן פיל פאַרשטעלונגען וועלכע מיר האָבן געהערט און געזען אויף דער וואָר. יעדע אורזאַך וואָס רייצט אונ־דזער שלאָפנדן קערפּער קען אַרויסרופן אַ חלום. נישט איין מענטש חלומט זיך אַז עס גייט אויף אים אַ שניי, ווייל אין שלאָף האָט זיינע אַ האַנט אָדער פוס זיך אָנגעטראָפן אין עפּעס אַ קאַלטער זאַך. די קעלט האָט אים אַ רייץ געטון און האָט אָנגעקלאַפּט אין יענעם מוח־קעמערל ווו עס ליגט באַהאַלטן די דעראינערונג פון אַ שניי־זאַווערוכע.

אַמיינסטן קומען די רעגונגען פון אונדזערע אינערלעכע איברים. אַ שווער עסן, למשל, רייבט אונדזערע געדערים וואָס רופן אַרויס אָן אַ שיעור חלומות. איך האָב אַמאָל געלייענט אַזאַ מאָדנע מעשה: אַ פרוי איז אַנטשלאָפן געוואָרן אין קלויסטער ביים דאַוונען, פּלוצים דערזעט זי אין חלום ווי יעזוס גייט אַראָפּ פון דעם אַלטאַר מיט אַ שווערד און עפנט איר אויף דעם בויך. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די פרוי האָט געהאַט אַ געשוויר אין בויך. בהקיץ באַוועגן מיר זיך אין דער אַרומיקער פרעמדער וועלט; אין חלום וואַנדערן מיר אַרום איבער אונדזער אייגע־נער וועלט, וואָס איז אויסגעוועבט געוואָרן פון פּראַקטישע פּערזענלעכע דערפאַרונגען. קיינעם קען זיך נישט חלומען קיין זאַכן וואָס ער האָט נישט געזען און נישט געהערט. דער חלום קען אַמאָל צונויפפירן „די וואַנט מיט יענער וואַנט, ווי מען זאָגט. אָבער דאָס איז דערפאַר וואָס דער רייצנדער עלעמענט גרייפט אָן מיט אַמאָל פאַרשידענע און אָפט קעגנ־זעצלעכע קעמערלעך פון אונדזער גייסטיקן אַרכיוו. אָט דעריבער שאַפט

זיך אַ מין פּלאָנטער פון זאַכן און געשעענישן, וועלכע מיר האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן.

אָט די קלוגע ווערטער האָב איך געשלונגען מיט דורשט. ווי אַ תורה זענען די ווערטער צו מיר געקומען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. נאָך היינט באַוווּנדער איך מיין פאָטערס חכמה. אָבער כ'געדענק אַז טאַקע אָט די טיפע אמתן וועגן דעם זין פון חלומות האָבן דאַן, נאָכדעם ווי דער טאַטע איז שטיל געבליבן, מיר ווידער דערמאָנט דעם בלינדן תהי־לים־זאָגער; זיין הויכע פיגור וואָס טרעט נישט אָפּ פונעם שול־ווינקל, האָט מיר נישט געקענט אַרויס פון קאָפּ, זיין אויסגעווייקט, פאַרגעלט פאָרמעט־פּנים מיט די צוויי אויסגעבּרענטע לעכער אונטערן שטערן אנ־שטאָט אויגן. איך האָב מיך אויפגעזעצט אויפן בעט און האָב אַ פרעג געטון:

— טאַטע, דו שלאָפסט?

נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע איז איינגעשלאָפן.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך וועגן דעם בלינדן געטראַכט. וואָס טוט ער אַצינד ווען עס באַפאַלט אים די משוגעת? ווער ווייסט צי די „קליפּה" האָט אויך היינט נישט אויף אים קיין שליטה? דאָך, האָב איך צו מיר אַליין געזאָגט, וואָלט איך אים קיין שוועבעלע נישט געטרויט. אויף דער עלטער, פלעגט מיין טאַטע זאָגן, קערן זיך אום אַ סך מענטשן צו זייער קינדישן שכל.

— 4 —

די נאַכט פון כל נדרי האָט זיך שטיל און פרום אַראָפּגעלאָזט אויפן שטעטל. מאָדנע לאַנגזאַם האָט דער הימל ביים האָריזאָנט זיך גענומען טונקלען אין מזרח. דער מרה־שחורהדיקער ערב־יום כפור האָט זיך אָנ־געררוקט.

דער טויער פונעם שול־הויף איז געשטאַנען ברייט צעעפנט. יונג און אַלט האָבן אַריינגעשטראָמט דורך אים צו די דריי בתי־מדרשים.

ווען איך בין אַריין אין קלויז, איז אַ פול־געפּאַקטער עולם געשטאַ־נען שוין אין די טליתים און קלאָר־ווייסע קיטלען. איך האָב מיך געלאָזט גיין צו מיין טאַטנס שטאָט, כאָטש איך האָב געוווסט אַז אַ פרעמדער זיצט איצט דאָרט. מיין פאָטער פלעגט קיינמאָל נישט זיין אין דער היים ראש־השנה און יום־כפור. מען האָט אים צוגענומען פאַר שליח־ציבור אין אַ נאָענטן דאָרף, ווו עס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר מנינים יידן. דערי־בער פלעג איך ,אין די הייליקע טעג, זיך אַרומבלאָנקען אין שול ווי אַ יתום. דאָך בין איך צוגעגאַנגען צו כל־נדרי זען ווער איז דער פרעמ־דער וואָס פאַרנעמט מייך טאַטנס פּלאַץ.

אַ דערשראָקענער בין איך געבליבן שטיין ווען כ׳האָב דאָרט דערזען אונטערן טלית דאָס באַקאַנטע פאַרמענט־פּנים מיט די צוויי אויסגע־ברענטע לעכער אונטערן שטערן. אין ווייסן קיטל, מיטן טלית איבערן קאָפּ, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מת אין תכריכים. איך האָב אָבער נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים. און האָב נאָכגעפאָלגט אַלע זיינע באַוועגונ־גען. אָט האָבן זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן זיך אָנגעהויבן באַוועגן ווען ס׳איז געקומען צו אַ געוויסער תפילה, און אָט איז זיין מויל געבליבן אָפן, ווי ער וואָלט ווען עפּעס נאָכשרייען דעם גרויסן עולם. ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען. ווער האָט זיך אויף אים אומגעקוקט: ווער האָט אַ קלער געטון צי שפּילט נישט אויף פיליכט אַ שטורעם אין יענעם פייערלעכן כל־נדרי־מאָמענט אין די טיפענישן פון דער דאָזיקער אומגליקלעכער נשמה? די פּילקעפּיקע מאַסע האָט הייס מתפלל געווען: די פּנימער זענען געווען געווענדט צו מזרח און מיטן גאַנצן האַרצן האָט דער פרומער עולם אויסגעזונגען די „יעלות״. דער עולם האָט געשטורעמט, אַריינפאַלנדיק אין עקסטאַז פון תשובה ותפילה.

אויסער מיר האָט קיינער נישט באַמערקט ווי דעם בלינדנס הויכע פיגור האָט זיך אַ צאַפּל געטון ביי די „יעלות״; ווי ער האָט אַ הויב גע־טון זיין אויסגעלאָשן פּנים ווי אַרויספאָדערנדיק דעם הימל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דער קלויז בין איך אַוועק דער לעצטער, איבערלאָזנדיק דעם בלינדן שטיין אויף דעם זעלבן פּלאַץ.

ווען כ׳בין אַריין אין שטוב איז מיין מוטער שוין געשלאָפן. איך האָב מיך אָוועקגעזעצט אויף מיין בעט און אַלץ געטראַכט וועגן דעם ליכט־ציער, וואָס האָט באַהערשט מיין גאַנץ וועזן.

אויבן אונטערן סופיט האָט דער קעראָסין־הענג־לאָמפּ אָנגעהויבן צאַנקען, ווי אַ מענטש וואָס גוססט. איך האָב נישט געקענט איינשלאָפן. פון יענער זייט וואַנט, אין דרויסן, האָט זיך דאָס וואַסער געטראָגן צו דער קאַנאַווע, אָנפילנדיק די לופט מיט אַ שעפּטשען ווי פון בייזע גייס־טער. איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַרויפגעקוקט אין הימל. די אייביקע שטערן האָבן אַריינגעשטראַלט מיט זייער ציטערדיקער שיין אין דער שטילער נאַכט אַריין. אומעטום, אין אַלע הייזער, איז געווען שטאָק פינצטער, נאָר אין איין אָרט האָט זיך שטאַרק געלייכט. די שיין איז געקומען פון דער קלויז. אויף יעדן פענצטער זענען דאָרט געשטאַנען פיר אָדער פינף גרויסע אָנגעצונדענע וואַקסענע ליכט. פון מיין צימער האָב איך דאָס קלאָר געזען.

פּלוצים האָט מיר דאָס האַרץ אַ טיאָך געטון. אַ שרעקלעכע זאַך האָב איך דערזען. פונעם רעכטן פענצטער האָט עמיץ אַ נעם געטון אַ ליכט און האָט זיך אַ לאָז געטון דערמיט צום ארון־קודש. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט אַ פייער־פלאַם איינגעהילט די שול. איך האָב מיט אַ געוואַלד אויפ־געוועקט מיין מוטער.

איינגעקלאַמערט איינס אין אַנדערן זענען מיר געשטאַנען און געזען געפּלעפּט ווי אַזוי די קלויז גייט אַוועק מיטן פייער אין דער נאַכט פון יום־כיפּור.

פון דעם נאָענטן דאָרף האָט זיך דער קלויסטער ווילד צעקלונגען און באַלד האָבן זיך באַוויזן אַרום פייער מחנות מענטשלעכע שאָטנס. מען האָט דאָס געלאָשן די שריפה.

***

אויף מאָרגן האָט מען אויף דעם אָרט וווּ די קלויז איז געשטאַ־נען געפונען רעשטן פון מענטשלעכע ביינער, דאָס איינציקע וואָס איז פאַרבליבן פון דעם אומגליקלעכן בלינדן אונטערצינדער.

אַזאַ איז געווען דער סוף פון אַ מענטשן, וואָס האָט געליטן פון פּי־ראָמאַניע. האָט פאַרענדיקט דער סטודענט זיין געשיכטע.

# צווישן די בערג פון קאָרדאָבאַ

— 1 —

ווי אַנדערש זעט איצט אויס דער וועג וואָס פירט צו דער שטאָט קאָרדאָבאַ, אין פאַרגלייך מיט דעם זאַמדיקן קרומען שליאַך, וואָס האָט עקזיסטירט אין די אַמאָליקע קאָלאָניאַלע צייטן!

אומענדלעך לאַנג און געפערלעך האָט געמוזט האָבן געווען יענער זאַמדיקער וועג. אין מוזיי פון לוכאַן קען יעדער זען היינט אַ מוסטער פון יענע וועגענער, די אַזוי גערופענע „קאַרעטאַס טוקומאַנאַס", מיט זייערע ריזיקע רעדער וועלכע האָבן דורכגעשניטן אין דער לענג און ברייט די אַרגענטינער פּאַמפּע. ווען די רעדער וואָלטן געקענט רעדן וואָלטן זיי געוויס דערציילט פון וועגן און שטעגן וואָס האָבן זיך געשלענגלט פון מזרח צו מערב. און פון דעם טראָפּיקאַלן צפון ביז דעם אייביק פאַרפרוי־רענעם דרום.

צייטן בייטן זיך, די טעכניק האָט דערגרייכט אַ הויכע שטופע. די מאַשין האָט גענומען איר אויבערהאַנט און די „טוקומאַנער קאַרעטע" איז געוואָרן אַן אַנטיק אין מוזיי. אויף דעם שליאַך, ווו אירע רעדער האָבן זיך געקייקלט האָט דער מענטש אויסגעגאָסן אַספאַלט מיט צעמענט. איצט זעט ער אויס ווי אַ לאַנגע ברייטע סטענגע, איבער וועלכער עס יאָגן זיך מיט קאָפּשווינדלערישער שנעלקייט אָן אַ שיעור אויטאָמאָבילן.

פון ראָזאַריאָ קיין קאָרדאָבאַ איז דער וועג אַ גלייכע ליניע, און דער אויטאָ, וואָס לאָזט זיך אַוועק געשה'ינד איבער אים, זעט אויס פון ווייטנס ווי ער וואָלט געשוועבט איבער אַ בליאַסקענדיקן שפּיגל צווישן גרינע פעלדער.

פּלוצים דערזעט מען האַרט ביים האָריזאָנט אויפן הימל אין מערב־

זייט אַ דיקן נעפּל וואָס וואַקסט פון מינוט צו מינוט. דאָס איז נישט סתם קיין כמאַרע, דאָס זענען די קאָרדאָבער בערג, וואָס קומען אייך מקבל פּנים זיין: אָט באַמערקט איר זייער גרינעם שלייער וועלכן די זון באַשטראַלט. ערטערווייז זעט איר אויף זיי געלע און גרויע פלעקן. דאָס זענען גרויסע, נאַקעטע שטיקער בערג וואָס קוקן צום הימל ווי מיאוסע פליכן.

די שטאָט קאָרדאָבאַ זעט מען נאָך נישט ווייל זי ליגט נאָך באַהאַלטן ערגעץ דאָרט ווייט אין טאָל, אָבער וואָס נעענטער איר קומט צו, הויבן אָן ווי אַרויסוואַקסן פון דער ערד אַרויס פּאַר אייערע אויגן צלמים און קלויסטער־קופּאָלן, אָן אַ שיעור קלויסטערס. ערשט ווען איר קומט צו צום ברעג פון יענעם טאָל אַנטפּלעקט זיך פּאַר אייך די פרומע זקנה, די באָבע קאָרדאָבאַ, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1573 אויפן באַפעל פון דעם יונגן און בראַוון קאַפּיטאַן דאָן כעראָנימאָ לואיס דע קאַבּוועראַ.

כאָטש קאָרדאָבאַ איז היינט אַ סך מאָדערניזירט געוואָרן, געפינט מען דאָרט, אויף שריט און טריט, שפּורן וואָס דערמאָנען אין איר אַמאָליקער מיסטישער קינדהייט. דאַן איז קאָרדאָבאַ נישט געווען מער ווי אַ קאָפּיע פון די שפּאַנישע שטעט. די הייזער זענען געווען גרויסע און אַרומגערינגלט מיט ברייטע געדערטנער, וועלכע זענען געווען פול מיט כלערליי בלומען און פלאַנצן וואָס זייערע אייגנטימער האָבן מיטגעבראַכט פון שפּאַניע.

צו אַזעלכע רחבותדיקע דירות האָט מען געמוזט האָבן אַ סך משרתים און דינסטן, און דאָס איז אָנגעקומען גרינג: האָט דאָך דאַן געבליט דער שקלאַפן־האַנדל.

יאָר איין יאָר אויס האָבן זיך אין יעדן „הויף" געמערט און געפּרוכפּערט די צאָל נעגערס און מולאַטן, וואָס האָבן געהאָרעוועט ווי לאַסט־בהמות פאַרן ווייסן באַלעבאָס. פאַר דער מינדסטער נאַרישקייט האָט די בייטש פון האַר געקאַטעוועט די נאַקעטע שוואַרצע שקלאַפן־לייבער. שווער האָט געדריקט דער יאָך פון דעם שפּאַניער אויף די דאָזיקע אומגליקלעכע.

— 2 —

אין דער קאָלאָניאַלער קאָרדאָבאַ האָט געלעבט אַ געוויסע אַריסטאָ־קראַטישע פאַמיליע מיטן נאָמען קאַבאַס דע לאַררא.

דאָן אַלאָנסאָ קאַבאַס דע לאַרראַ, דער פאַטריאַרך פון יענער פאַ־מיליע איז געווען זייער אַ חשובע פיגור אין דער קאָרדאָבער געזעלשאַפט און האָט פון זיין פרוי עדעלמיראַ אָפּגעשפּאָרט אויף די עלטערע יאָרן בלויז איין איינציק טעכטערל; אַלבינאַ, האָט זי געהייסן. ווי אַ מתּנה פון הימל איז זי אים אַראָפּגעפאַלן אין אַ מאָמענט ווען ער האָט שוין זיין האָפענונג פאַרלוירן איבערצולאָזן אַ געדעכעניש אויף דער וועלט. מ׳קען זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי ס׳איז אָפּגעהיט געוואָרן אַזאַ אוצרל ביי אַזאַ געהויבענעם טאַטן, וואָס האָט געוויינלעך פאַרמאָגט אַן אַ צאָל שקלאַפן.

אין משך פון די ניינצן יאָר וואָס אַלבינאַ האָט אָנגעפולט מיט הימלישן גליק אירע עלטערנס הערצער, האָבן הונדערטער שקלאַפן באַ־צאָלט מיט זייער לעבן פאַר דער קלענסטער עוולה וואָס איז קעגן דעם קינד באַגאַנגען געוואָרן. אַן אויסנאַם איז געווען אַ יונגער נעגער וואָס איז טאַקע דאָרט אין הויף געבוירן געוואָרן מיט זעקס יאָר פאַר אַלבינאַן.

ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען האָט דער האַר פאַר זיינע אויגן פאַרפייניקט זיין טאַטן, דעם נעגער, צום טויט פאַרן חטא צו האָבן אומ־געוואָרן איבערגעפאָרן אַלבינאַס אַ ליאַלקע.

טיף אין האַרצן האָט זיך איינגעשניטן זיין פאָטערס פיין און טויט און ער האָט געדורשט נאָך נקמה. דאָך האָט ער טריי געדינט זיין האַר און שטענדיק געהאַלטן זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט ,ווי ווערלנדיק באַטאָנען זיין הכנעה. שטענדיק איז ער אומגעגאַנגען טרויעריק און פאַרחלומט. דורך די טעג איז ער געווען ווי איינגעשלאָסן אין אַן אייביקער שטומ־קייט. קוים אָבער איז צוגעפאַלן די נאַכט און פאַרשלונגען אַלץ אין שאָטן, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וווּנדערבאַרן „פּאַיאַדאָר״.

ביז שפּעט ביינאַכט איז ער געזעסן פאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקל פון גאָרטן און האָט אויף די סטרונעס פון זיין גיטאַרע אימפּראָוויזירט

מעלאָדיעס, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן ווי אַ האַרצרייסנד געזאַנג. ער האָט אָנגעפּולט די נאַכט־לופט און איר דורכגעזאַפּט מיט זיינע טרויע־ריקע באַלזאַמען.

אין אָנהויב האָט ער געזונגען וועגן זיין ביטערן שוואַרצן גורל, וועגן זיינע פאַרשקלאַפטע ברידער, נאָכהער האָט ער אויסגעגאָסן זיינע געפילן צו די פרייע פייגל, וואָס באַוועגן זיך אומגעשטערט אין דער לופטן; ער האָט געווידמעט זיינע לידער צו די אייביקע, אזגזאַמע בערג וואָס שטרעקן מיט שטאָלץ זייערע שפּיצן צום הימל. ווען אַלע שקלאַפן זענען שוין גע־לעגן, דערשעפּטע פון זייער אַרבעט, פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף, האָט זיך זיין שטימע דערטראָגן צום האַר אין די צימערן. דאַן פלעג אַלבינאַ זיך באַווייזן אין פענצטער פון איר צימערל אויף דעם אויבערשטן גאָרן אַ פאַרגאַפטע און האָט געוווּנדערט אירע שיינע אויגן צום אויסגעשטערנטן הימל. דעם נעגערס געזאַנג האָט ביי איר דערוועקט טיפע געפילן און זי איז געוואָרן סענטימענטאַל. נישט איינמאָל האָט זי געלאָזט אַ טרער.

איינמאָל אין אַ זומערנאַכט האָט דער נעגער באַמערקט דעם רושם וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיין זינגען אויף זיין קליינער האַרינטע. אין זיין נשמה האָט זיך צעפלאַקערט דאַן אַ פלאַם־פייערדיקער באַגער צו באַהערשן דאָס דאָזיקע פּרעכטיקע געשטאַלט פון וועלכן עס האָט אים אָפּגעטזלט אַ טיפער אָפּגרונט.

פון יענער נאַכט אָן איז זיין מוזע געוואָרן אימפּעטפול. ער האָט כסדר געערדט צו איר אויף זיין זינגענדיקער שפּראַך און לאַנגזאַם, לאַנג־זאַם האָט ער זיך אַריינבאַקומען צו איר אין האַרץ.

באַמבאַ, אַזוי האָט מען גערופן דעם „פאַיאַדאָר", וואָס האָט גע־דינט דאָרט אַלס אָנטרייבער פון דער רייכער קאַרעטע אין וועלכער אַל־בינאַ פלעג מאַכן איר טאָג טעגלעכן שפּאַציר איבער דער שטאָט; פאָלגלעך איז ער געווען נענטער צו איר פון אַלע אַנדערע שקלאַפן. גרויס צוטרוי האָבן אַלבינאַס עלטערן געהאַט צו דעם דאָזיקן נעגער, און ס'איז זיי אַפילו אויפן געדאַנק קיינמאָל נישט געקומען אַז עפּעס אַ געפאַר לויערט אויף זייער טאָכטער.

בעת אירע שפּאַצירן פלעג באַמבאַ אָפטמאָל אָוועקפירן אַלבינאַן

ווייט אויסער דער שטאָט. זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרפירט קיינע שמועסן, אָבער אין דער שטיל האָט אַ מעכטיקע אומזיכטבאַרע קראַפט זיי געצויגן איינס צום אַנדערן.

***

אַלבינאַ איז דערצויגן געוואָרן אין אַ שטרענג קאַטוילישער סביבה, הינטער די ווענט פון אַ יעזואיטישן מאָנאַסטיר. זי האָט נישט אונטער־גענומען דעם קלענסטן שריט איידער זי האָט זיך פריער באַראַטן מיטן „פאָטער דיאָניסיאָ״, אַ גלח וועמען זי האָט פאַרטרויט אַלץ וואָס האָט געפייניקט איר געוויסן. פאַר אים פלעגט זי זיך מתוודה זיין יעדן זונטיק. אָבער דאָס אַרומגיין שטענדיק אַ פאַרחלומטע און פאַרבענקטע נאָך דעם נעגער באַמבאַ, איז געווען צו אַ גרויסער חטא און בזיון צו קענען דאָס דערציילן דעם גלח. דער דאָזיקער גייסטלעכער וואָלט אפשר אויפגע־זיפט דעם סוד איר שטרענגן פאָטער. דאָס וואָלט דאָך געפירט צו אַ פאַמיליען־טראַגעדיע. באַמבאַ וואָלט דאָך מיט זיין לעבן באַצאָלט. דערי־בער פלעגט זי אַלע זונטיק אָפּשטיין שעהנווייז אין קלויסטער קעגן דעם בילד פון דער „הייליקער בתולה״ און תפילה טון מיטן גאַנצן האַרצן.

— 3 —

אין אַ זונטיק־פרימאָרגן, אָנהויב פרילינג, פונקט דאַן ווען אַלבינאַ האָט געדאַוונט מיט גרויס עקסטאַז, האָט באַמבאַ אַרומגעשפאַנט הין און צוריק איבערן טראָטואַר אין דרויסן. ער האָט דאָס געוואַרט מיט דער קאַ־רעטע אויף אַלבינאַן זי זאָל אַרויס פון קלויסטער. קיינער האָט נישט באַ־מערקט אויף דעם נעגערס פנים דעם גרויסן שטורעם וואָס האָט געבוי־שעוועט אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. פון צייט צו צייט האָט זיין רעכטע האַנט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ זייט־קעשענע צו פילן אויב זיין מעסער ליגט אויפן ריכטיקן פלאַץ. שוין זייער לאַנג ווי ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ געוואַגטן פלאַן, און איצט איז דער גרויסער מאָמענט גע־קומען...

ענדלעך איז אַלבינאַ אַרויס פון קלויסטער. באַמבאַ האָט איר, ווי תמיד, באַגעגנט מיט מעלאַנכאָלישע, אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דער פרימאָרגן איז געווען אַ ווונדערלעכער. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערטראָגן שמע־קענדיקע גן־עדן־ריחות פון צעבליטע גערטנער און תבואה־פעלדער.

אָפּפאָרנדיק אַ שטיקל וועג האָט זיך באַמבאַ געווענדט צום מיידל מיט גרויס הכנעה:

— סעניאָריטאַ אַלבינאַ: עס איז נאָך זייער פרי, וואָלט אפשר מיין הויך־געשעצטע האַרינטע וועלן מאַכן אַ שפּאַציר אין פעלד — עס איז דאָך אַזאַ שיינער פרימאָרגן.

— אָ, באַמבאַ, דאָס איז אַ ווונדערבאַרער איינפאַל, האָט זי לוס־טיק געענטפערט. פיר מיך ווו דיין האַרץ גלוסט.

אויסער זיך פאַר פרייד האָט דער נעגער גענומען יאָגן די פערד צו דער שטאָט אַרויס. ווען זיי האָבן זיך שוין געפונען גאַנץ ווייט, האָט ווי־דער באַמבאַ געזאָגט: —

סעניאָריטאַ, זעט נאָר: אָט שטייט אַ בוים מיט ברייט צעשפּרייטע און געדיכטע באַבלעטערטע צווייגן, אפשר וואָלטן מיר אַראָפּ אַביסל אָפּ־רוען אונטער דעם קילן שאָטן פון דעם בוים?

— פאַרוואָס נישט, באַמבאַ, אַגב איז מיר טאַקע אַביסל הייס גע־וואָרן.

אַ ווײַלע זענען ביידע שטיל געזעסן אונטער דעם שאָטן און איינ־געאָטעמט דעם שמעקעדיקן גערוך פון פעלד. מיטאַמאָל האָט אַלבינאַ אַ זאָג געטון צום נעגער:

— אַ שאָד וואָס האָסט נישט מיטגעבראַכט דיין גיטאַרע. דו וואָלסט מיר אַצינד געזונגען שיינע לידער.

איר זילבער ווייסע האַנט האָט צערטלעך, אָבער אומגערן אַ גלעט געטון דעם נעגערס נאַקעטן שוואַרצן אָרעם.

אַ דערקוויקנדיקער שטראָם איז דורכגעלאָפן אַלע זיינע גלידער ווען ער האָט דערפילט אויף זיך איר הימלישע האַנט. ער האָט אַזש אַ צאַפּל געטון.

— געוויס האָב איך געבראַכט מיין גיטאַרע, האָט ער אַ צעשטראָל־טער, געענטפערט.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער אויפגעהויבן זיין שטימע און האָט אויס־געזונגען זיין ליבע און בענקשאַפט.

אַ פאַרגאַפטע איז זי געזעסן און געקוקט אין דעם שוואַרצנס מילדע אויגן וואָס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוויי קוואַלן טרערן. זי האָט נאָך קיין שום מענטשן נישט געזען אין אַזאַ צושטאַנד, עס איז אין זיין ליד געווען אַזויפיל מתיקות: אין זיינע ווערטער אַזאַ ים־טרויער אַז ער האָט ביי איר אויסגעזען ווי עפּעס אַ מין אויבערמענטשלעכע דערשיינונג.

ווען ער האָט געענדיקט זינגען האָט ער דערזען אַז זיין געליבטער האַרינטעס שיין פנים איז דורכגעווייקט פון טרערן. ער האָט זיך צוגע־רוקט נענטער און האָט אויסגעפליסטערט מיט אַ ציטערדיקער שטימע:

— אַלבינאַ, טייערע אַלבינאַ! איך בין פאַרליבט. שרעקלעך פאַר־ליבט אין אייך!

דערפילנדיק דעם ליידנשאַפטלעכן טאָן מיט וועלכן די דאָזיקע ווער־טער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, איז איר געזיכט געוואָרן ערנסט, און זי האָט זיך צו אים אָנגערופן:

— אַזוי גאָר? דו ביסט פאַרליבט אין מיר?

— יאָ, אַלבינאַ, דו ביסט מיין לעבן, האָט ער שוין גערעדט, ווי ער זאָל זיין איר גלייכן.

האַסטיק איז זי אויפגעשפרונגען פון דער ערד און האָט מיט צאָרן אויסגעשריגן:

— ווי וואַגסטו מיר זאָגן „דו“?! פיר מיר שוין צוריק אַהיים, באַמ־באַ! איך וועל דערציילן דעם טאַטן אויב דו פאָלגסט מיך נישט.

— ניין, ליבע מיינע, מיר וועלן זיך שוין מער אַהיים קיינמאָל נישט אומקערן, האָט ער איר געענטפערט מיט אַ ביטערן שמייכל.

עס האָט פלוצים אַ בליץ געטון פאַר אירע אויגן אַ לאַנג מעסער און ער האָט מיט תחנונים ווייטער גערעדט:

— צו וואָס זאָלסטו זיך מיר אַנטקעגנשטעלן, מיר זענען זייער ווייט פון שטאָט, קיינער וועט צו הילף דיר קומען, קיינער... דו זעסט דאָס לאַנ־

גע מעסער, עס וועט אונדזערעביידנס הערצער לעכערן. מיין לעבן אָן דיר איז קיין לעבן נישט.

אַ טויט־שרעק איז איר באַפאַלן; זי האָט דערזען אַז דער נעגער איז גרייט אויף אַלץ; עס האָט זיך איר פאַרדרייט דער קאָפּ און זי איז גע־פאַלן אין חלשות.

ער האָט זי אַ כאַפּ געטון אין זיינע פעסטע אָרעמס און האָט זיך געלאָזט לויפן.

אַ גאַנצן טאָג איז ער אַזוי געלאָפן איבער בערג און איבער טאָלן, מיט זיין טייערן אוצר צוגעדריקט צו זיין ברוסט. די גאַנצע צייט האָט זי נישט אויפגעהערט צו ראַנגלען זיך, צו וויינען און קלאָגן.

ווען עס איז געוואָרן נאַכט האָבן זיי זיך שוין געפונען עט ווייט צווישן די בערג, ווו קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך נישט געטראָטן.

אַ פאַרמאַטערטע איז זי ביי אים אויף די הענט, ענדלעך איינגע־שלאָפן.

די גאַנצע נאַכט איז ער אַזוי אָפּגעזעסן מיט איר אויף אַ הויכן פעלז. מיט אַלע זיינע חושים האָט ער זיך צוגעהערט צו אַלע קלאַנגען וואָס זענען געקומען פון דער פינצטערניש. דער מינדסטער שאָרך האָט אים אויפגעשווידערט. ער איז גרייט געווען אויף מסירת־נפש צו פאַרטיי־דיקן זיין גליק.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָט זי זיך אויפגעכאַפּט. זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט מיט אַ שמייכל. ליגנדיק אַזוי צוגעטוליעט צו זיין קערפּער האָט זי דערפילט אַז זי איז אונטער דער שוץ פון זיין מעכ־טיקער פריינטלעכער האַנט. אַ טיפער זיפץ האָט זיך פון איר ברוסט אַרויסגעריסן און זי האָט געזאָגט:

— פאַרפאַלן, אַצינד בין איך דיינע. איך האָב נישט קיין חרטה. עס פאַרדריסט מיך נאָר הלמאי האָב איך מיינע עלטערן אַזוי פיל יסורים פאַרשאַפט. אַצינד וועלן מיר לעבן און ליידן ביידע צוזאַמען, איינס לעבן אַנדערן.

זיי האָבן זיך פעסט איינגעקלאַמערט איינער אין צווייטן און זייע־

רע ליפן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין לאַנגן קוש. אין יענעם מאָ־
מענט איז די זון אַרויס פון הינטער אַ באַרג אין מזרח־זייט.

***

שווער האָט געמוזט זיין זיך צוגעוווינען צו אַזאַ מין אַרט לעבן אונ־
טערן פרייען הימל, צווישן בערג פאַר אַלבינאָן, דעם האַרס טאָכטער.

באַמבאַ, דאַקעגן, איז געווען דער גליקלעכסטער מענטש אין דער
וועלט. ער האָט אַליין אויסגעבויט אַ הייזקע פון שטיינער און דאָרט האָט
ער זיין לעבן לאַנג געשפילט אויף זיין גיטאַרע און אויסגעזונגען זיינע
טרויעריקע לידער.

שפעטער מיט יאָרן האָט מען צווישן די בערג אַנטדעקט אַ שטיי־
נערנע הייזקע. זי איז געווען וויסט און פוסט און אויף אַ וואַנט איז גע־
ווען אויסגעקריצט: קאָסאַ באַמבאַ.

און יענע גאַנצע געגנט פון קאָרדאָבער פּראָווינץ הייסט היינט קאַ־
סאַבאַמבאַ.

# קרובים

— 1 —

דער שמאָלער וועג האָט זיך געשלענגלט אַלץ העכער און טיפער צווישן די בערג.

פון איין זייט שליאַך, דער אָפּגרונט וואָס האָט געהאַלטן אין איין זינקען פאַר די צוויי מענטשן, וואָס זענען אין יענעם טאָג געגאַנגען שפּאַצירן. פון דער צווייטער זייט, האָבן די בערג אויסגעשטרעקט צום הימל זייערע נאַקעטע רוקנס. דאָ און דאָרט זענען געהאנגען איבער דעם שליאַך פעלזן, וואָס האָט זיך געדוכט, אַז אָט־אָט וועלן זיי זיך אין אַ ליאַדע טאָג אָפּרייסן און אַראָפּנידערן אין טאָל, און פאַרוויסטן אַלעס, וואָס וועט זיי קומען אין וועג.

טיף אין טאָל אין מיטן בערג־קרייז שטייט דער סאַנאַטאָריום פאַר שווינדזיכטיקע.

נישט נאָר די קראַנקע גופא, נאָר אַפילו די דאָקטוירים, פעלדשערס, נאָנעס און קראַנקן־וועכטער זענען דאָרט טובערקולאָזע.

דאָס שטיקל הימל, וואָס קוקט אַראָפּ אין יענעם טאָל איז דאָס איינציקע, וואָס ברענגט זיי, די קראַנקע, עפּעס אַ גרוס פון זייערע היימען.

דעריבער געפינען זיי אַ מין טרייסט אין די אויסגעשטערנטע נעכט.

אַנטקעגן דעם אויסגעשטערנטן הימל שווימען אַרויף אין זייערע צעפיבערטע מוחות שוין לאַנג פאַרגעסענע דעראינערונגען, וואָס קערט זיי אום צו יענע יונגע אָדער קינדער־יאָרן, ווען דאָס לעבן איז אַזוי זאָרגלאָז געווען.

פון דער גרויסער צאָל קראַנקע, וואָס זענען איצט געלעגן אויף שעזלאָנגס (זיץ־בעטלעך), אויף דער פרייער לופט, אַרום סאַנאַטאָריע, האָבן

זיך צוויי פון זיי אָפּגעטיילט און האָבן זיך פאַרנומען אויף דעם שמאָלן שליאַך, וואָס האָט געפירט צו די בערג.

אָנגעטון, ווי אַלע אינטערנירטע, אין בלויע אַנצוגן און אַ מיצל פון זעלבן קאָליר, האָבן זיי אויסגעזען ווי אַרעסטאַנטן.

איינער איז געגאַנגען אַביסל איינגעבויגן, ווייל ער האָט נישט לאַנג דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף דער רעכטער זייט ברוסט־קאַסטן, ווו מען פלעגט אים אין פאַרלויף פון פינף יאָר מאַכן „נעאומאָטאָראַקס" (אַ באַהאַנדלונג פון אַריינגעלאָזטער לופט אַרום דער אָנגעגרייפטער לונג). דער צווייטער איז געווען אַן ערשט אָנגעקומענער, וועלכן מען האָט גע־געבן צוויסן, אַז נישט היינט איז מאָרגן וועט מען אים באַהאַנדלען מיט „נעאומאָטאָראַקס". ער שרעקט זיך פאַר אַזאַ מיטל.

פון צייט צו צייט גיט ער אַ הוסט און קוקט אויף דעם טיכעלע.

אייניקע רויטע פעדימלעך געפינט ער אויפן לייכעץ. דאָס איז אינ־גאַנצן.

אויף זייערע פנימער ליגט די קראַנקע מאַסקע, איינע און די זעלבע, וואָס דער „קאָך"־באַציל ציט אַרויף אויף זיינע קרבנות.

לאַנגזאַם, מיט אומזיכערע טריט, קומען זיי צו צו אַ הייל, וואָס קוקט אַרויס פון אַ באַרג. זיי זעצן זיך דאָרט אַוועק אָפּרוען.

דעם גאַנצן וועג האָבן זיי קיין וואָרט נישט אויסגערעדט צווישן זיך. איצט, נאָך אַ ווײַלע אָפּרוען, רופט זיך אָן דער אָפּערירטער:

— אַלעס איז דאָ אַזוי וווּנדערבאַר שיין, ברודער, אָבער נאָר פאַר געזונטע, נישט פאַר אַזעלכע חרוב־געוואָרענע, ווי מיר...

— זיי האָבן זיך מיר שוין צוגעגעסן, אָט די טויטע בערג. דאָס אויג זעטיקט זיך גיך אָן, אַפילו מיט דער שענסטער פּאַנאָראַמע.

— נו, יאָ, — האָט דער צווייטער פלעגמאַטיש אָפּגעענטפערט און האָט בשעת מעשה באַטראַכט דעם גאַנצן אַרום.

— זע נאָר, — האָט זיך ווידער דער ערשטער אָפּגערופן — ווי אונ־דזער לעבעדיקער קבר זעט אויס.

ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פינגער אַהין, העט־ווייט אין טאָל. די סאַנאַטאָריע האָט אויסגעזען אַזוי קליין, ווי אַ קינדער־שפּילצייג.

— אַזוי הויך זענען מיר פאַרקראָכן? — האָט דער אַנדערער זיך געחידושט — דער וועג האָט גאָר נישט אויסגעזען אַזוי משופּע.

— אַזוי איז עס, ברודער... דאָס לעבן פירט אונדז אויך אָפּטמאָל אַרויף אויף אַזעלכע מדרגות, פון וועלכע מיר האָבן גאָר קיינמאָל נישט געחלומט. דוכט זיך, אַז אָט ביסטו אַ גאַנצער קנאַקער, וואָס די גאַנצע וועלט איז דיינע; דו לויפסט, פליסט, און ברענסט אַ וועלט, און פּלוצלינג פאַלט אויף דיר אָן אַזאַ שריפה, אַז דו ווערסט פאַרשרפהט... אַ שטייגער, וואָס האָט מיר געפעלט צוריק מיט אַ יאָר צען? אַ יונג מיט ביינער, פאַר וועמען מיידלעך זענען אויסגעגאַנגען... ביז איך האָב מיך פאַרבונדן מיט מיין אומגליקלעכער באַשערטער... גאָט און לייט האָבן אונדז מקנא גע־ווען. אַ באַשיידן רואיק לעבן האָבן מיר געפירט. די צוויי קינדערלעך, וואָס זענען צוגעקומען, זענען געווען אַ פּראָדוקט פון געזונטער ליבע צווישן אונדז. מיט געזאַנג פלעגט מיך דער פרימאָרגן אַוועקטראָגן צו דער אַרבעט און מיט יובל און געזאַנג פלעג איך זיך אין אָוונט אומקערן אַהיים...

— גאָט מיינער! ווי האַלט מען עס אויס! אַזוי פיל צייט, אַז איך זע זיי נישט... זי איז נאָך אַזוי יונג, רייצנד, פול מיט לעבן און באַגער... און איך בין אַזוי חרוב...

דער קראַנקער האָט געגעדעט שטיל, נעבעכדיק און זיינע אָנגעלאָ־פענע אויגן האָבן כסדר פאַרלוירן געוואַנדערט אין טויט־שטילן אַרום, גלייך ווי ער זאָל זיין עפּעס אַ באַנומענער.

— וואָס טוט זי? ווי פירט זי זיך אויף אָן מיר?... איז זי מיר טריי..?

די ניט־פאַרענדיקטע פראַגע איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז דאָ נישט אַליין... ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

יענער פאַרנאַכט איז געווען אַ זייער אנגענעמער, אַ צאַנקענדיקער טאָג פון מאָנאַט סעפּטעמבער, ווען אומעטום בליט און צוויטעט. די נאַ־קעטע ביימלעך, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט אויף די קאָרדאַבער

בערג און טאָלן, באַווייזן שוין סימנים פון נייע שפּראָצונגען אויף זייע־רע צווייגן.

אַפילו די פעלזן הויבן זיך אָן באַדעקן מיט אַ מין גרינעם מאָך, גלייך ווי מאַמע נאַטור זאָל זיי צודעקן מיט אַ פּליושענעם גרינעם בגד, כּדי זייער נאַקעטקייט זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן.

ווו נישט ווו שטראָמען דאָרט שמאָלע טייכלעך מיט אַ שטילן גע־רויש, אָט באַגעגענען זיי זיך, די טייכלעך און שמעלצן זיך צוזאַמען, און אָט צעשיידן זיי זיך און גייען פאַרלוירן צווישן קוסטעס און ווילדן טשערעט.

דער אויסגאַנג פון טאָג ווערט באַגלייט מיט אַ מאָדנער סימפאָניע פון אָן אַ שיעור קלאַנגען, וואָס גייען אויף פון אַלערליי מינים ברואימ־לעך וואָס פלאָדיען זיך אין די שפּאַלטן צווישן פעלזן און טיפע היילן מיט שטייענדיקן וואַסער.

פּאַר אַן אַבסאָלוט געזונטן מענטשן, וואָס קומט זיך אָפּרוען אין די קאָרדאָבער בערג, פאַרשאַפן אַזעלכע פאַרנאַכטן אַן אמתן נחת־רוח. אַ מאָדנע אנגענעמע מידקייט גיסט זיך אָן אין אַלע גלידער, וואָס פאַרשי־כורט און פאַרשלעפּערט אין אַ זיסן שלאָף.

די נאַכט גייט דורך אומבאַמערקט. ווען נישט ווען כאַפּט מען זיך אויף, פילט מען דעם אמתן טעם גן־עדן, אַריינאָטעמענדיק יענע ריינע ביינאַכטיקע לופט, וואָס דרינגט אַריין דורך דעם אָפענעם פענצטער.

פון גאַנץ ווייט הערט זיך דאָס בילן פון הינט קעגן דער לבנה, וואָס זעט אויס אין זייערע הינטישע אויגן, אַז זי קוקט אַראָפּ פון הימל מיט אַ צעקרומט פּנים אויף די שטילע איינזאַמע בערג.

אָבער פאַר די, וואָס שמאַכטן אין טובערקולאָז־פיבער, איז דער מאָ־מענט פון שקיעה אַ באַווייז, אַז נאָך אַ בייזע נאַכט רוקט זיך אָן.

אונטער יעדן שאָטן, וואָס קלעטערט אויף די בערג, דוכט זיך זיי, אַז דער מלאך־המות לויערט, און ווען אַלעס ווערט פאַרשלונגען אין דעם ביינאַכטיקן ים פון פינצטערניש, ווערן זייערע צעהיצטע לייבער באַגאָסן מיט אַנגסט־שווייס, וואָס נאָגט און מאַטערט ביזן ווייסן טאָג אַריין.

די צוויי מענטשן, וואָס מיר האָבן באַגעגנט, האָבן גאָר נישט באַ־מערקט אַז די זון איז שוין לאַנג הינטערן מערב־האָריזאָנט.

דאָרט, וווּ זיי האָבן זיך געפונען, איז נאָך געווען העלער טאָג, אָבער טיפער אין טאָל, האָט דאָס אָנגעקומענע פינצטערניש זיך אויסגעגאָסן ווי אַ שוואַרצער פלעק אַזוי, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו געפינען דעם וועג צוריק.

— זע נאָר, בערנאַרדאָ, — האָט דער נייער אינטערנירטער אויסגע־שריגן — מיר וועלן זיך שוין נישט קאָנען אומקערן צו דער סאַנאַטאָריע. דער וועג צוריק איז אין דער פינצטער, געפערלעך.

— נו, וואָס־זשע וועסטו דאָרטן אָנווערן? מיר וועלן שוין מוזן דאָ נעכטיקן. די לופט איז דאָ גרינגער און ריינער. איין נאַכט כאָטש וועסטו קיינעם נישט שטערן מיט דיין הוסטן, און קיינער אויסער מיר, וועט דיר נישט אָפּענטפערן מיט דעם זעלבן ניגון...

— זאָג מיר נאָר, בנימין, — האָט בערנאַרדאָ נאָך אַ קורצער פּויזע אַ פרעג־געטון, — האָסטו דאָרט אונטן עמיצן איבערגעלאָזט?

— ווו מיינסטו?

— איך מיין דאָרט, אונטן, צווישן די געזונטע, אין דיין היים.

— מיין היים! — האָט בנימין זיפצנדיק אַ שעפּטשע־געטון — איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין וואַרימע היים... מיין מאַמען האָב איך אויך נישט געקענט. מיין טאַטן האָב איך נאָר איין מאָל אין מיין לעבן געזען... אין פאַרלויף פון געציילטע שעה'ען בין איך נישט געווען זיכער צי איך האָב אים געזען אויף דער וואָר אָדער אין חלום. דער זיידע און די באָבע זענען געווען די איינציקע צוויי מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. זיי זענען שוין לאַנג אויף דער אמתער וועלט... ניט איין מאָל, אין סאַמע ברען פון פיבער, זע איך זיי נעבן מיין בעטל. פון יענער וועלט קומען זיי מיך מבקר חולה זיין...

— מאַנכעס מאָל ווייס איך, אַז זיי זענען טויט. איך זע זיי אין תכריכים און אָפטמאָל קומט דער זיידע אַליין, אָנגעטון אין טלית און קיטל, ווי איך האָב אים געזען דאָס איינציקע און לעצטע מאָל אין די ימים נוראים, ביים שטענדער אויף זיין „שטאָט“, אין דער אַלטער קלויז...

— 2 —

— איינגעהילט אין אַ טיפער געהיימעניש איז פאַר מיר געווען די זאַך וואָס מיין זיידע פלעגט פאַרשווינדן פון דער היים אין די עשרת ימי תשובה.

זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, האָב איך, ביז יענעם לעצטן מאָל, קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה צו שטיין און דאַוונען אין קלויז נעבן זיידן אין די טעג פון ראש השנה און יום־כיפור.

אַ פרעמדן מענטשן פלעג איך טרעפן זיצן אויף מיין זיידנס שטאָט פונקט אין די הייליקסטע טעג פון יאָר. דער דאָזיקער ייד איז, האָב איך מיך משער געווען, איינער פון די פילע יום־טובניקעס, וואָס פלעגן צו אונדז קומען אויף ימים נוראים.

וויפיל מאָל איך פלעג צושטיין צו דער באָבען, אַז זי זאָל מיר זאָגן ווו דער זיידע קומט־אַהין — פלעג איך שטענדיק באַקומען דעם זעלבן ענטפער: — ס׳איז ניט דיין עסק!

אויף מאָרגן, נאָך יום־כיפור, פלעג דער זיידע אַריינקומען אין שטוב מיט אַן אויסגעצערט פנים ווי איינער וואָס ליגט אָפּ קראַנק אַ שטיק צייט. איך פלעג זיי, די אַלטע לייט, טרעפן זיך סודען און אָפטמאָל פאַר־וויינט.

אין די טעג פון ראש השנה און יום־כיפור פלעג איך, אַ טרויעריקער, מיט אַ פאַרקלעמט הערצל זיך אַרומבלאָנקען אין קלויז צווישן גרויסן עולם מתפללים, וואָס איז מיר דאַן געווען דערווידער און פרעמד.

איך פלעג מיך פילן דערשלאָגן און איינזאַם. כמעט נישט געגעסן און נישט געשלאָפן, בין איך אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער אויף דער גאַנ־צער וועלט, וואָס איך האָב נישט דעם זיידן נעבן זיך און איך וויס אַפילו נישט ווו ער געפינט זיך אויף דער וועלט...

אויף מער פון אַלע, בין איך געווען אין כעס אויף יענעם פראָסטן יום־טובניק, וואָס האָט פאַרנומען מיין זיידנס אָרט פונקט אַנטקעגן דעם עמוד. ער איז געווען עפעס אַ מין באַוואקסענער רויטער ייד מיט אַ פאַררי־סענער נאָז, ווי ביי אַ מוזשיק. איך פלעג דערציטערט ווערן, ווען ער

פלעגט אויף מיר אַ קוק־טון. זיינע קאַשטאַנעוואַטע אויגן האָבן מוראדיק אויף מיר געגלאַנצט פון אונטער די געדיכטע רויטע ברעמען. איך פלעג דעריבער זען אויסמיידן זיין בליק. נישט סתם אַ דאָרפס־ייד האָט ער אויסגעזען, נאָר עפּעס גויאיש האָט פון אים געוויים.

פון אונטער זיין אַלט־פאַרגעלטן טלית האָט מען געקאָנט מערקן זיין טונקל־ברוינעם רעקל און ברייטע הויזן פאַררוקט אין די כאָלעוועס פון אַ פּאָר שטיוול, וואָס האָבן אים דערגרייכט ביז צו די קני.

זיין יאַרמעלקע איז געווען פון אַ נישט באַשטימטן קאָליר, עפּעס אַ מיש־מאַש פון געל־גרין אויסגעקראָכענעם פּליוש. פון הינטער דער יאַר־מעלקע האָט זיך אַרויסגעזען אַ מוזשיצקע טשופּרינע און איך האָב באַ־קומען דעם איינדרוק, אַז דאָ שטייט אַ גוי, וואָס האָט זיך אַזוי אָנגעטון, כדי צו חוזק־מאַכן פון יידן.

נאָך מער, עס האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס עפּעס שטענדיק דער זעל־ביקער פאַרשוין? אַזאַ בכבודיק אָרט אין קלויז זאָל ווערן פאַרשוועכט...

אַזוי האָט זיך געצויגן יאָר־איין, יאָר־אויס. ביי מיין זיידן אין שטוב בין איך געוואקסן אין גרויס רחבות. אין חדר בין איך נישט געגאַנגען, אַ יידישער מאָדערנער לערער פלעגט קומען אַלע טאָג מיט מיר לערנען תנ״ך און רוסיש, ביז יענעם שרעקלעכן זומער פון יאָר 1913.

— 3 —

ווער פון מיינע לאַנדסלייט געדענקט נישט דעם זומער פון 1913?

דעם רופאס קאַרעטע פלעגט זיך טאָג־טעגלעך אַרומשלייען איבער די געסלעך און זיך אָפּשטעלן כמעט ביי יעדער טיר. ווי אַן אָפּגעברי־טער פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין די הייזער, אָפּזיין דאָרט אַ צען־פופצן מינוט און ווייטער געגאַנגען פון שטוב צו שטוב.

זיין קוטשער משה גולקע זיצנדיק אויף דער קעלניע, פלעגט מיט זיין פויערשן אַקצענט אָפּגעבן אַ באַריכט פאַרן רעדל נייגעריקע, וואָס האָבן אים באַפאַלן:

— יצחק מענדלס צוויי בחורים, — פלעגט ער אויסשרייען — זע־

גען „פאַרביי״... ברוך דעם וואַסער־טרעגערס בת־יחידה, ליגט אַ געבונ־דענע זי זאָל זיך פון גרויס היץ נישט וואַרפן אין ברונעם... א. אַ. וו.

כדי נישט פאַרגעסן אין קיינעם, האָט ער די אַלע טאָג־געשעענישן אַרויסגעלייענט פון אַ צעטל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

די עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך וואָס אַ טאָג מער, האָט ער געהאַלטן אין איין וואָרענען. אַנטלויפט פון דאַנען, מענטשן, ווו דער פעפער וואַקסט! מען וועט מוזן צעלאָזן די חדרים, פאַרמאַכן די שולן און די צערקוועס אַפילו וועט מען האַלטן צוגעשלאָסן... וועט מען — האָט משה גולקע געליאַרעמט און דאָס מיאוסע געשווירל, וואָס איז אַראָפּגעהאנגען פון זיין רעכטער באַק, האָט זיך ביי אים בעת מעשה געטעלעבענדעט.

דער טייך „הירשע״, וועמענס ברעגן זענען געווען באַזעצט מיט שטעטלעך, האָט אין יענעם זומער געשטראָמט מיט אַ מין סם המות פון פיבער און טיפוס.

טאָג־טעגלעך האָט מען ביי אונדז אין מיטן מאַרק פאַרברענט אויף שייטערהויפנס מעבל, וועש, און בעטגעוואַנט פון די געשטאָרבענע פון דער טיפוס־מגפה.

אָפּגעצערטע, בלאַסע מענטשלעכע פיגורן האָבן זיך ווי וואַנדערנדע שאָטנס אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן די אויסגעקורירטע און האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די דורכגייער.

אין מיטן פון אָט דער בהלה, וואָס איז געשטיגן פון טאָג צו טאָג, האָט מיך מיין באָבע נחמה אָפּגעפירט אין אַ דאָרף צו מיין פעטער זלמן.

מיין פעטער זלמן איז געווען דער אייגנטימער פון אַ „הוטע״, וואָס האָט פּראָדוצירט אַלערליי גלאָז־מכשירים, גלעזער, באַקאַלן, פלעשער, שויבן און לאָמפּן, וואָס מען האָט פאַרבראַכט אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע.

די הוטע איז געווען אַ מין גרויסע געביידע מיט אַ סך קאַלך־אויוונס, וואָס האָבן בייטאָג און ביינאַכט אָן אויפהער געברענט, זיך נישט אָפּ־געקילט אַפילו אין די שבתים און יום־טובים. זי איז געשטאַנען אין מיטן פעלד גאַנץ ווייט אָפּגעטיילט פון די דאָרפישע כאַטקעס.

אָן אַ שיעור געזונטע גויים און קרעפטיקע דאָרפס־יידן האָבן דאָרט שווער געהאָרעוועט.

ווען איך פלעג מיך אויפכאַפּן ביינאַכט און אַ קוק־טון אין פענצטער צו דער זייט, ווו די הוטע איז געשטאַנען, האָב איך שטענדיק מיך אָנ־געשטויסן אויף דער שורה פענצטער, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געדרייט שטיקער רויט־פלאַמיקע מאָדנע זאַכן. דאָס האָבן אַזוי די ביינאַכטיקע אַרבעטער געבלאָזן מיט לאַנגע רערן דאָס אָנגעגליטע גלאָז־פליסיקייט, אַרויסגעצויגן פון די „טיגלעס״.

ווי עפּעס מאָדנע פייערדיקע שלאַנגען, וואָס וואַרפן זיך אין דער ליפטן אין דער ביינאַכטיקער פינצטערניש אַרום דער הוטע, האָבן אויס־געזען יענע רויטע באַוועגנדיקע שטיקער גלאָז.

אין מיין פעטערס רייכער דירה פון אַ סך פּרעכטיק אויסמעבלירטע צימערן, מיט גלאַנציק־געפּאַרבטע פּאָלן באַצירט מיט סאַמעטענע סטעזש־קעס האָב איך מיך דערפילט ווי אַ געכאַפּט פייגעלע אין אַ גאָלדענער שטייג.

באַוואַכט און געצערטלט פון גויאישע משרתים און דינסטן און דורכגעדרונגען עטלעכע מאָל אין טאָג פון די שטייפע אַריסטאָקראַטישע בליקן פון מיין פעטער און מומע, האָב איך מקנא געווען די אָפּגעריסענע אָפּגעשליסענע דאָרפס־קינדערלעך, וואָס איך פלעג דורך די פענצטער זען שטיפן און לאַכן אונטערן פרייען הימל.

אָן אַ סדר און אָן אַ פּלאַן זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט די נידעריקע אָרימע דאָרפישע כאַטקעס מיט שטרויענע דעכער און קליינע קוואַדראַטנע פענצטערלעך.

אויסערלעך האָט מיין פעטערס דירה אויסגעזען ווי אַ פּאַרצייטיקער שלאָס אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן פּאַרקאַן און דופּטיקע סעדער.

דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען אַרומגענומען מיט אַ קרייז פון געדיכ־טע וועלדער.

פון דעם אויבערשטן גאָרן האָט מען געקאָנט אַרומכאַפּן מיט איין אויגנבליק דעם גאַנצן דאָרף.

איינמאָל, אין אַ געוויסער נאַכט, ווען דער פעטער און די מומע

זענען נישט געווען אין דער היים, האָב איך מיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און דערזען שטיין נעבן מיר אַן אַלטן מאַן.

מיין שלאָף־צימער איז דורך די נעכט שטענדיק געווען שוואַך באַ־לויכטן, דורך אַ שיין, וואָס איז געקומען פון ערגעץ אַ פאַרבאָרגענעם לאָמפּ, וואָס אַנאַ, די דינסט מיינע, האָט געלאָזט אָנצינדן פאַר שלאָפן־גיין.

איין טיר האָט קאָמוניקירט מיין שלאָף־צימער מיט די אַנדערע הדרים פון דער געביידע, און אַ צווייטע טיר האָט געפירט צו אַ ווייל־אויסמעבלירטן זאַל פאַר געסט. און דאָ זע איך פלוצים נעבן מיר אַן אַלטן פאַרשווין אין מיטן נאַכט...

— ווער זענט איר? — האָב איך דערשראָקן אויסגעשריגן.

— שרעק זיך נישט, מיין קינד, — האָט דעם אַלטנס שטימע זיך געלאָזט הערן — איך בין אַ היימישער, דער היטער פון דיין פעטערס הויז, נאָטע דער סטאָראָזש (היטער). זיי, דיינע קרובים, האָבן מיר אָנ־געזאָגט, אַז איך זאָל אויף דיר אַכטונג געבן. זיי זענען אַוועקגעפאָרן אין שטעטל איינקויפן אויף יום־טוב: זיי וועלן זיך דאָרט פאַרזאַמען אַ פּאָר טעג.

איך האָב מיך אויפגעזעצט און געקומען באַטראַכטן דעם אַלטן.

— ווו האָב איך אייך געזען? — האָב איך אים אַ פרעג געטון.

— ווו דו האָסט מיך געזען, פרעגסטו? — אַלע יאָר אין די ימים־נוראים, זעסטו מיך אויף דיין זיידנס שטאָט, בעת ער, דער זיידע דיי־נער, קומט אַהער אין דאָרף דאַוונען אַלס בעת־תפילה פאַר די פּאָר מני־נים דאָרפס־יידן, וואָס אַרבעטן דאָ אין דער הוטע... ער ברענגט מיט זיך אַ ספר־תורה און אַ שופר.

— אַזוי גאָר? — האָב איך מיר געחידושט — פאַרוואָס־זשע פאַר־בלייבט איר אויך נישט דאָ אויף יום־טוב?

— ווייל איך גיב מיך אָפּ צו דיין זיידנס סקלאַד פון גלאָזוואַרג. אין די טעג, וואָס ער געפינט זיך דאָ. ער האָט צו מיר פולן צוטרוי.

ער איז אויף אַ ווייל̈ע אַנטשוויגן געוואָרן, נאָכהער האָט ער אין דער שטיל אַ פרעג־געטון:

— האָסט שוין כאָטש געזען דיין טאַטן?

איך האָב מיך אַ צאַפּל־געטון און געפרעגט:

— לעבט דען נאָך מיין טאַטע?

— אַלץ הייסט געלעבט! ער איז, פאַר קיינעם געדאַכט, נישט מיט אַלעמען, אַ מענטש אָן אַ גייסט. אַ צוגעקאָוועטער צו אַן אייביקן געלע־גער, אָן לשון זשיפּעט ער אָפּ זיינע לעצטע טעג... אויב דו ווילסט, וועל איך דיר אים ווייזן.

— פאַרוואָס נישט? — האָב איך אים איבערראַשט אָפּגעענטפערט.

איך האָב אויף מיר עפּעס אַרויפגעכאַפּט און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

די לופט איז געווען אַזוי ריין און דער הימל אַזוי לויטער אויסגע־שטערנט ווי דאָ איצט, צווישן די בערג.

אַ פאַרטויבטער שאָרך האָט זיך געטראָגן פון דער הוטע, וואָס האָט אויסגעזען איינגעהילט אין צונגען פייער.

דער אַלטער האָט מיך געפירט פאַר אַ האַנט איבער אַ וועג, וואָס איך האָב נישט געקענט באַמערקן, צוליב דער שטאַרקער פינצטערניש.

אַ שיין פון אַ פענצטערל האָט זיך פון ערגעץ צווישן ביימער אַרויס־געשיילט. מיר זענען איצט געגאַנגען שטיל. דער אַלטער האָט שווער גע־אָטעמט. זיין האַנט, וואָס האָט מיך געהאַלטן, האָט געציטערט. פון צייט צו צייט און וואָס אַמאָל שטאַרקער, האָט זיך געהערט עפּעס אַ הילכיקער געלעכטער, וואָס איז זיך פאַרגאַנגען און פאַרענדיקט אין אַ מאָדנעם געוויין.

— ווער וויינט דאָס אַזוי? — האָב איך געפרעגט.

— דאָס איז „ער“, דיין טאַטע — האָט דער אַלטער געענטפערט — די האָסט מורא?

— ניין, איך וויל אים זען.

— שטאַרק זיך. דו ביסט, זע איך, אַ העלד, מיין קינד... איך האָב אים געלאָזט אַ שלאָפנדן. איצט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט.

— וויפיל צייט איז שוין, אַז ער איז קראַנק?

—אַזוי פיל וויפיל דו ביסט אַלט. דיין קומען אויף דער וועלט האָט זיי ביידן געפּטרט.

— איך פאַרשטיי אייך נישט — האָב איך טרויעריק געזאָגט.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— אַ זיידענער יונגערמאַן איז ער געווען, דיין טאַטע. ביז 28 יאָר זיך אָפּגעוואַלגערט אין דער ישיבה, אַ קיילעכדיקער יתום, האָט ער דאָרט געקוועטשט די באַנק, געגעסן טעג ביי פרעמדע טישן, געוואָרן אַ מופלג בתורה. דיין זיידע האָט אים געבראַכט פון דער ישיבה און זיך מיט אים געקוויקט און שטאָלצירט ווי מיט אַ טייערן בריליאַנט. ער איז געווען מיט אַלע מעלות: שיין, קלוג און פול מיט תורה ווי אַ מילגרוים.

דיין מאַמע, זאָל האָבן דעם ליכטיקן גן־עדן, איז אַנטציקט געוואָרן ווען זי האָט אים דערזען.

די שכינה האָט גערוט אויף זיין איידעלן אויסגעצערטן פּנים. זי איז אָבער ווערט געווען אַזאַ מאַן, ווייל זי האָט פאַרמאָגט די אַלע מעלות פון אַ יידישער טאָכטער, וואָס איז ראוי צו ווערן די לעבנס־באַגלייטערין פון אַזאַ תלמיד חכם.

שיין ווי די מוטער רחל איז זי געווען און אַ זינגערין ווי מרים הנביאה. זי האָט ליב געהאַט זינגען העברעאישע לידער, אין וועלכע זי פלעגט מיט טרערן אין אירע שיינע אויגן אויסדריקן אַ ים פון בענק־שאַפט, וואָס האָט ממש דערשיטערט די צושויער. דאָ אין דאָרף, ווו דיין זיידע האָט ביז דאַן געלעבט, איז מירעלע, אַזוי האָט זי געהייסן, געווען דאָס באַליבטסטע און צערטלעכסטע קינד ביי דער קליינער צאָל יידישע פאַמיליעס.

אין די שבתדיקע בייטאָגן האָט איר זיס שטימעלע זיך געטראָגן פון ערגעץ אַ ווינקל פון אָט דעם וואַלד, ווו מיר גייען איצט. אין מיטן אַ רעדל קינדערלעך און דערוואַקסענע פלעגט זי יעדן שבת זינגען שירים אין דאָס גאַנצע דאָרף קינדער פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן כאָר, וואָס האָט באַצויבערט מיט געזאַנג די האָרעפּאַשנע עלטערן זייע־רע, וואָס זענען געקומען שבת בייטאָג אַהער פרישע לופט כאַפּן.

מאַנכעס מאָל פלעגט זי דערציילן דאָ אין וואַלד די קינדערלעך מעשהלעך פון תנ״ך, גבורות פון אונדזערע העלדן, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אונדזער הייליק לאַנד, ווו יעדער טאָל, טייכל און באַרג טראָגט אַ

נאָמען, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער תורה. בלויז אומגעפּער אַן אַנ־דערהאַלבן יאָר האָבן מיר, דאָרפס־יידן, געהאַט די זכיה צו געניסן פון דיין טאַטנס חכמה און דברי תורה.

אין די אָוונטן ביז מנחה למעריב האָט ער מיט די עלטערע יידן גע־לערנט אַ פּרק משניות. ער האָט דיין זיידנס שטוב פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער ישיבה, ווו די הדר־יינגלעך האָבן געלערנט תורה און תלמוד.

יבנה האָט מען אונדזער דאָרף אַ נאָמען געגעבן.

אָבער... אָבער נישט באַשערט, קינדעלע, — האָט נאָך אַ קורצער פּויזע דער אַלטער, זיפצנדיק, פאָרגעזעצט:

— געוווסט האָט מען אַלע אין דאָרף, אַז מירעלע ליגט שוין דריי מעת־לעת מיט גרויסע שמערצן צו ברענגען דאָס ערשטע קינד אויף דער וועלט. אַלע זענען מיר געווען באַאומרואיקט. מען האָט אַוועקגעשיקט אין שטעטל נאָך בריע דעם רופא, אָבער נאָך איידער ער איז געקומען, ביסטו געבוירן געוואָרן.

מירל איז געווען שטאַרק דערשעפּט. און... אין יענער וויסטער און פינצטערער נאַכט האָט דאָס פּאַסירט:

ווען אַלע אין דאָרף זענען געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, האָט אַ וויי־געשריי מיטן נאָמען „מירלי!" געמאַכט ציטערן די לופט. עטלעכע מאָל האָט זיך דיין טאַטנס פאַרצווייפלטער רוף איבערגעחזרט און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ ווילדן געלעכטער...

ווען מ'איז זיך צונויפגעלאָפן, האָט מען זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שרעקלעכן בייז־ווונדער:

מירעלע איז געלעגן טויט, אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים...

איבער דעם אָפענעם פענצטער איז דיין פאָטערס קערפּער געהאַנ־גען האַלב אין דרויסן. אָן לשון איז ער דאָרט אַזוי געלעגן.

אַ יאָמער און אַ יללה האָט זיך אין דער נאַכט אַריין געטראָגן פון דיין זיידנס שטוב, ווען ער איז אָנגעקומען מיטן רופא...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אַלטער איז פּלוצים געבליבן שטיין, נישט אָפּלאָזנדיק מיך פון האַנט.

איך האָב באַמערקט ווי ער קוקט אין אַלע זייטן, ווי אַ פאַרבלאָנ־דזשעטער. דאָס פינצטערניש איז געווען ממש אָנצוטאַפּן מיט די הענט אין יענעם געדיכטן וואַלד.

— מיר זענען אַראָפּ פון וועג, — האָט ער שטיל אַ מאַך געטון — איך זע נישט די שיין פון זיין פענצטערל.

אַ ווינטל האָט געבלאָזן פון דער זייט, וווּ מיר זענען אָנגעקומען. עס איז אַנטשטאַנען אַ גערויש פון צווייגן און בלעטער, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ לייכטן ציטער.

— מיר וועלן דאָ צוואַרטן אַביסל — האָט דער אַלטער ווידער אַ זאָג־געטון.

עס האָט קיין סך נישט גענומען. עס האָט זיך ווידערהאָלט יענער שרעקלעכער געלעכטער גאַנץ נאָענט פון אונדז. אַ גרויל איז מיר איבער־געגאַנגען איבערן רוקן־ביין. מיר האָבן זיך דאַן אַ קער־געטון אויף רעכטס און אָפּגייענדיק עטלעכע טריט האָבן מיר דערזען די שיין.

— שוין, מיר זענען שוין גאַנץ נאָענט — האָט ער ווידער גענומען דאָס וואָרט:

— דיין מאַמע האָט מען צו קבורה געבראַכט אויפן אַלטן בית־עולם אין שטעטל און דו ביסט פאַרבליבן ביי דיין זיידן, וואָס האָט זיך מער אין דאָרף נישט אומגעקערט. נישט געוואָלט זיין דאָרט, וווּ יעדער טריט און שריט וואָלט זיי דערמאָנט אין זייער גרויסן צער.

דיין פעטער זלמן, דיין מאַמעס עלטסטער ברודער, איז געבליבן ביי דער הוטע.

— 4 —

אַ באַוווסטלאָזן האָט מען דיין טאַטן אָפּגעפירט קיין קיעוו, וווּ ער איז אָפּגעליגן אַ פּאָר חדשים אין הינער־פּלעט. אַרויסגעקומען איז ער פון דאָרט אַ קריפּל, וואָס קאָן זיך אויף די פיס נישט האַלטן און ווערט טאָג און נאַכט פאַרכאַפּט פון געפערלעכע ספּאַזמען. פון זיין גאַנץ לשון איז אים פאַרבליבן אין זיין זכרון בלויז איר נאָמען...

הונדערטער מאָל אַ טאָג דערמאָנט ער זי, ער לאַכט און וויינט טאָג און נאַכט, ווען ער איז נאָר וואַכנדיק.

סיי אין שטעטל און סיי אין דאָרף קען מען פון אים נישט אויס־האַלטן. נאָר דאָ, אין וואַלד, ווייט פון מענטשן, אין אַן איינזאַם שטיבל, ווערן זיינע קולות פאַרשטיקט און דערגרייכן נישט צו נאָרמאַלע מענטש־לעכע אויערן.

פאַר זיינע געוועזענע פריינט און פאַרהערער, איז ער טויט, ווי אַלע מתים. קיינער קומט אַהער נישט.

דער וואַלד באַלאַנגט צו דיין פעטער, די הוטע מוז האָבן אַ סך ברען־שטאָף, אָבער עס וועט נאָך לאַנג נעמען ביז מען וועט אים אָנהויבן אויס־האַקן, דערווייל האַקט מען אַ צווייטן וואַלד, וואָס געפינט זיך פון יע־נער זייט הוטע.

דעם גאַנצן טאָג דריי איך מיך דאָ אַרום און היט, אַז קיינער זאָל אַהער נישט אַריינדרינגען.

איך בין דער איינציקער בן־אדם, וואָס קום אין קאָנטאַקט מיט דיין טאַטן. איך זע, אַז עס זאָל אים גאָר נישט פעלן. איך טייל זיך מיט אים מיט מיין ביסן. איך רייניק און וואַש אים ווי אַ פיצל קינד. עס טוט מיר זייער וויי דאָס האַרץ אויף אים.

דער אַלטער האָ טזיך געשטיקט ביי אָט די לעצטע ווערטער.

איך האָב צוגעטראָגן זיין האַנט צו מיינע ליפּן און זי באַדעקט מיט קושן און באַגאָסן מיט טרערן.

— קינד מיינס! — האָט ער הייזעריק אַ זאָג־געטון און האָט צערט־לעך מיט זיינע ציטערדיקע קאַלטע פינגער פון דער צווייטער האַנט גע־גלעט מיין פּנים...

— אויף וועמען בלייבט איבער מיין טאַטע, ווען איר פאָרט אויף ימים נוראים אין שטעטל? — האָב איך כליפּענדיק געפרעגט.

— דיין זיידע גיט זיך צו אים אָפּ אין די עשרת ימי תשובה.

— דערפאַר — האָב איך ביי זיך געטראַכט — קומט עס דער זיידע נאָך יום־כיפּור אַהיים, אַזוי אויסגעצערט און דערשלאָגן אוןביידע אַלטע וויינען זיך גוט אויס.

ענדלעך זענען מיר צוגעקומען צום שטיבל. ער האָט אויפגעעפנט די טיר און מיר זענען אַריין.

ביין דער שיין פון אַ קעראָסין־לעמפל, וואָס איז אַראָפּגעהאנגען פון דער סטעליע, האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערזען מיין אומ־גליקלעכן פאָטער: פון צווישן אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר און געדיכטע נישט־אויסגעקעמטע באָרד, האָט אַרויסגעשטאַרצט אַ צעשראָקן בלאָס גע־זיכט. בעסער געזאָגט, בלויז איין האַלבער פּנים מיט טיפע קנייטשן און דיקע פאַלדן. ער האָט געקוקט מיט אַ ברייט־צעעפנט אויג, וואָס האָט אויסגעדריקט שווערע און טיפע שמערצן.

אַ פאַרגליווערטער בין איך געבליבן שטיין און צוגעזען ווי אָט דאָס האַלבע פּנים צעקרומט זיך און פון ציינלאָזן פאַרדרייט מויל הילכט אַרויס אַ מענטשלעכער בייזער געלעכטער, וואָס פאַרקייכט זיך און ענ־דיקט זיך אין אַ האַרצרייסנדיקן יאָמער־קול און בעת־מעשה צעטרייסלט זיך זיין גאַנצער קערפּער צוזאַמען מיטן בעטל.

עס קלאַפּט די צוקאָפּנס־פּארענטשע אָן דער וואַנט, צום טאַקט קלאַפּט די פּאָרענטשע און עס סקריפּעט אונטער דעם בעטל די צעפּויל־טע פּאָדלאָגע.

דאָס צווייטע האַלבע פּנים, האָט זיך געדוכט, נעמט נישט קיין אַנ־טייל אין אַזעלכע ספּאַזמעס. קיין קנייטש, קיין פאַלד האָט זיך אַפילו נישט באַוויזן אויף דער זייט פּנים, גלייך ווי עס זאָל זיין פון וואַקס אויסגעגאָסן... דאָס אויג פון דער זייט, האָט אַפילו קיין פינטל נישט געטון אין דעם ספּאַזמע־מאָמענט, עס האָט כסדר געקוקט גלאַט אַזוי. ווי אַן אויג פון אַ מת.

— דאָס, זאָגט איר, איז מיין טאַטע, דער געוועזענער תלמיד־חכם, וואָס האָט געוואָלט דאָרפס־יידן מקרב זיין צו גאָטס תורה... — האָב איך היסטעריש אויסגעשריגן.

— יאָ, מיין קינד, דער אויבערשטער זאָל זיך שוין אויף אים מרחם זיין... — האָט דער אַלטער אַרויסגערעדט מיט אויסגעצויגענע ווערטער.

מער האָב איך שוין נישט געהערט און נישט געזען. איך האָב דער־פילט די פיס מיינע ברעכן זיך מיר אונטער, אַלעס האָט זיך גענומען

דרייען און טאַנצן אין אַ ווילדן קאַראַהאָד פאַר מיינע אויגן, וואָס אַמאָל שטאַרקער, ביז ס'איז מיר אינגאַנצן פינצטער געוואָרן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג. ביי מיין בעט אין מיין שלאָף־צימער איז די דינסט, אַנאַ, געשטאַנען מיט אַ גלאָז קאַווע אין האַנט, ווי דער שטייגער אירער איז געווען אַלע פרי־מאָרגן.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זי געפרעגט — שוין האַלב צען אַזייגער און כ'האָב דיך קוים אויפגעוועקט.

איך האָב עפּעס, ווי אַ צעמישטער, מיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. דאָס צימער איז, ווי שטענדיק, געווען אַזוי ציכטיק ריין, דורך דעם אָפּע־נעם פענצטער האָט די שיין פון דער זון זיך צעגאָסן אויף מיין שניי־ווייסן געלעגער, און דער דופטיקער ריח פון סאָד האָט מיך אָפּגעפרישט פון מיין לאַנגן שלאָף.

כ'האָב מיר געריבן די אויגן, געקנייפּט מיין פלייש און געוואָרפן בליקן אויף אַלע זייטן.

— נו, טרינק שוין, — האָט אַנאַ באַפוילן — דערנאָך וועסטו זיך אַרומוואַשן. עפּעס ביסטו מיר היינט מער צעטראָגן ווי שטענדיק...

כ'האָב מיר גענומען צו דער קאַווע און פוטער־געבעקס. אַנאַ איז נישט אָפּגעטראָטן.

— זאָג נאָר, אַנאַ, מיר דוכט, אַז עמיצער איז היינטיקע נאַכט גע־ווען דאָ ביי מיר אין צימער — האָב איך טרינקענדיק אַ זאָג־געטון — אפשר ווייסטו ווער?

— וואָס פאַלט דיר איין אַזאַ זאַך? — האָט זי שעלמיש אַ פרעג־געטון — דאָס פענצטער האָב איך נאָר־וואָס געעפנט און דעם טויער פון הויף האָב איך אַליין פאַרשלאָסן פאַרן שלאָפן גיין.

זי האָט אַ הויב־געטון מיט די אַקסלען און איז אַרויס פון צימער. איך בין געבליבן זיצן אין גרויס פאַרלעגנהייט.

— זאָל דאָס זיין אַ חלום אַזאַ? אַ קאָשמאַר? — האָב איך גע־

טראַכט — איך וואָלט געשווירן, אַז איך האָב דאָס איבערגעלעבט אויף דער וואָר.

דעם גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראָגענער. איך האָב גערעדט צו זיך אַליין, ווערטער וואָס האָבן זיך מיר אײַנגעגעסן אין זכרון. ווי אַ ווייטער ווידערקול האָבן זיך מיר איצט איבערגעחזרט אין מיינע אויערן גאַנצע זאַצן פון דעם אַלטן בעל־דבר, וואָס איז מיר געקומען צו חלום.

אַנאַ האָט מיר נאָכגעשפּירט און האָט פון צייט צו צייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט וועלן זאָגן אַז איך בין פון זינען...

אויף מיינע קרובים האָט מיך פאַרדראָסן וואָס זיי האָבן מיר דאָ איבערגעלאָזט אַליין, צווישן גוייאשע משרתים און דינסטן.

כ׳האָב מיך אין יענעם טאָג געפילט אַזוי עלנט, היימלאָז, אַז איך האָב עטלעכע מאָל געוויינט.

אין יענער נאַכט איז כמעט קיין שלאָף נישט געקומען אויף מיינע אויגן און ווי איך האָב זיי נאָר צוגעמאַכט, האָט זיך מיר גענומען פּלאָנ־טערן חלומות, ענלעך צו די פון דער פאָריקער נאַכט.

ווי נאָר מיינע קרובים זענען געקומען, האָב איך זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן מיך באַלד אָפּפירן אַהיים.

— בלייב דאָ ביז איבער ימים נוראים — האָט דער פעטער מיט מיר געטענהט.

— וואָס עפּעס ביז איבער ימים נוראים? — איז מיר אײַנגעפאַלן צו פרעגן:

— ווייל דער זיידע קומט אַהער אויף ימים נוראים אַלס שליח ציבור פאַר די יידישע „הוטע״־אַרבעטער, וועט ער דיך שוין אָפּנעמען.

— דער זיידע, זאָגט איר, קומט אַהער אַלע יאָר דאָוונען? — האָב איך, אַן אויפגעשפּרונגענער פון מיין אָרט, אַ פרעג־געטון, ווייל בעת־מעשה איז מיר דורכגעלאָפן דורכן זכרון, אַז דער אַלטער האָט דאָס מיר אויך געזאָגט...

— וואָס, דו האָסט גאָר נישט געוווּסט? — האָט מיין פעטער גע־פרעגט.

— ניין. — האָב איך מיט אַ טרויעריקן טאָן געזאָגט. — איך האָב אויך נישט געוווּסט, אַז מיין טאַטע לעבט...

מיין פעטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ קאַנאַפּע און האָט מיך צוגערופן, זאָגנדיק:

— נאַטע האָט דיר אַלעס דערציילט, נישט אמת?

— יאָ, נישט נאָר דערציילט...

— האָסט אים געזען אויך?

— יאָ, פעטער. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך לעב איבער אַ שרעקלעכן חלום...

— וויפיל קאָן ער זיך נאָך אַזוי מאַטערן? — האָב איך נאָך אַ קורצער פויזע, ווי צו זיך אַליין אַ פרעג־געטון.

דער פעטער האָט נישט געענטפערט. ער איז געזעסן פאַרטראַכט איין לאַנגזאַם באַוועגט מיטן קאָפּ, זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפולט.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך אויף דער שוועל באַוויזן די מומע.

— וואָס? איר ווייסט שוין? — האָט די מומע פאַרחידושט זיך געווענדט צו אונדז. נאַטע קומט דאָך ערשט פון דאָרטן...

באַלד האָט דער אַלטער איבערגעטראָטן די שוועל און זיך אָנגערופן:

— רב זלמן, אייער שוואָגער איז נאָר־וואָס געשטאָרבן...

דער פעטער און די מומע האָבן אין דער שטיל זיך גענומען ווישן די אויגן און איך בין, כליפּענדיק, צוגעלאָפן צום אַלטן, וועלכער האָט צערטלעך און פאָטערלעך אויסגעשטרעקט זיינע הענט צו מיר.

— 5 —

נישט אין דאָרף, נאָר אין שטעטל בין איך געווען אויף יום־טוב. דעם טאַטן האָט מען באַערדיקט אויפן אַלטן בית־עלמין פון שטעטל, האַרט ביי מיין מאַמעס קבר און איך בין שוין פאַרבליבן ביים זיידן.

אויף יענע ימים נוראים איז מיין זיידע נישט געפאָרן אין דאָרף. נעבן אים האָב איך געזאָגט קדיש נאָך מיין טאַטן.

דעם זיידנס הערלעך פּנים האָב איך ביים דאַוונען נישט געקאָנט

זען. פון אונטער זיין זילבערנער עטרה האָבן זיך געוויס זיינע אויגן נישט אויסגעטריקנט. זיין שטילער געוויין האָט זיך צו מיר דערטראָגן, ווי אַ מין טרויעריקער עכאָ, וואָס קומט פון גאַנץ ווייטע הייליקע נשמות.

יאָרן האָבן זיך געצויגן ווי אייביקייטן, אַלע מיינע קרובים זענען שוין אויפן עולם האמת.

די אַלטע לייט זענען אַוועק מיט אַ נאַטירלעכן טויט, אין סאַמע ברען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מיטן פעטער האָט זיך פעטליוראַס באַנדע אָפּגערעכנט.

ער און די מומע און דאָס גאַנצע דאָרף יידן זענען ווי פּי אויסגע־שאָכטן געוואָרן און איך האָב דאָס אַלעס צוגעזען.

איצט, נאָך אַ לאַנגן מסירת נפשדיקן געדראַנג, ווען דאָס לעבן האָט צו מיר באַוויזן אַ שמייכל, לאָזן זיך אויס די יאָרן...

די רויטע פלעקן באַווייזן זיך וואָס אַמאָל אָפטער אויף מיין טיכעלע און מיינע קרובים פון יענער וועלט קומען מיך מבקר חולה זיין.

איך זע זיי אַלע נאַכט אַרום מיין בעט...

מאַנכעס מאָל ווייס איך, אַז זיי זענען נישט מער ווי טויטע שאָטנס, אָבער צייטנווייז, ווען מיין קערפּער גליט פון גרויס היץ, שטעלן זיי זיך מיר פאָר ווי לעבעדיקע געסט, וואָס קומען מיט מיר פאַרברענגען אויף ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שמחה און נאָטע דער שומר שפּילט די ראָלע פון אַ בדחן. איך וואָלט געוואָלט אַזוי פיבערן ביז די נשמה וועט אַרויס, ביז מיין לעצטן אָטעם־צוג... אָבער...

אָבער... אין מיטן פון אַזעלכע זיסע חלומות פּראַלט־אויס פּלוצלינג אַ בייזער געלעכטער, וואָס פאַרגייט זיך אין אַ יאָמער...

מיינע קרובים צעלויפן זיך און איך כאַפּ מיך אויף אין מיטן אַ טייך שווייס, וואָס נאָגט ביי מיר אויס דאָס חיות ביז אין ווייסן טאָג אַריין.

---

אויפן הימל איבער די בערג האָבן זיך די שטערן גענומען אויסלעשן. אַ נייער באַגינען איז אויפגעשטאַנען.

די צוויי היימלאָזע קראַנקע האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון דער הייל און אָן לשון האָבן זיי זיך גענומען אויף דעם וועג צוריק צו דער סאַנאַ־טאָריע.

# עקזאַמענס

— 1 —

דורך דער אָפענער טיר האָט זיך פון צווייטן צימער געהערט דאָס שטאַרקע כאָרכלען פון דעם, וואָס קלייבט זיך אין ווייטן וועג אַריין...

אויך אַ שטילער ווייבערשער געיאָמער איז פון דאָרט אויפגעגאַנגען, מאַכנדיק דעם איינדרוק פון עפּעס אַ מין טרויעריקע הקדמה צו דעם גרויסן יללה־אויסברוך וואָס וועט דאָ אומפאַרמיידלעך באַלד קומען.

אַנטקעגן מיר, אין דעם גרויסן פּרעכטיקן זאַל, וווּ עס האָט שעמע־רירט פון רייכטום און ציכטיקייט, ביי אַ טיש, אויף וועלכן עס האָבן זיך געוואַלגערט אָן אַ שיעור שאַכטלעך פון איינשפּריץ־מעדיקאַמענטן און פלעשעלעך רעצעפּטן פון אַלערליי קאָלירן, איז געזעסן אַ פּראָפעסאָר מיט וועלכן איך האָב אין יענעם מאָמענט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנסיליום וועגן יע־נעם מסוכנעם חולה.

לאַנג, לאַנג האָבן מיר זיך ביידע אָן לשון אָנגעקוקט איידער ער, דער פּראָפעסאָר, איז צום וואָרט געקומען.

זיין פּנים האָט געהאַט דעם אויסדרוק פון איינעם, וואָס נישטערט אין זיין זכרון אַזוינס אָן וועלכן ער וויל זיך דערמאָנען.

איך באַמערק ווי זיין געזיכט ענדערט זיך פון מינוט צו מינוט און אַ איראָניש שמייכעלע נעמט זיך אויסגיסן אויף אים.

דאָס דאָזיקע שמייכעלע וואָס צעקרומט אַזוי העסלעך זיין איצט האַלב פאַרוועלקט און צעקנייטשט געשטאַלט, איז מיר גאַנץ גוט באַ־קאַנט. וואָכן לאַנגע האָט דאָס מיר פאַרפאָלגט אויף יעדן טריט און שריט. ווי עפּעס בייזער געשפּענסט איז דאָס מיר אַנטקעגן געקומען וווּ איך האָב

מיך געקערט און געוועגדט, און בעת מעשה האָבן אין מיינע אויערן גע־
קלונגען זיינע רייד:

— אויב דו וואַגסט זיך צו שטעלן צום קומענדיקן עקזאַמען, וועל
איך דיך „אַפּלאַסירן“.

וואָס פאַר אַ חטא איך בין קעגן אים באַגאַנגען, געדענק איך נישט
צי איז דאָס דערפאַר, וואָס איך פלעג צופיל שאלות אים שטעלן, בעת ער
האָט מיט אונדז פּראַקטיקירט אין דער פּאלאַטע אַרום די קראַנקע; צי בין
איך אים דערגאַנגען די יאָרן מיט דעם וואָס איך פלעג מאַנכעס מאָל
האָבן די חוצפה צו שטיין אין זיינע קריסטלעכע „ד“ אמות מיט אַ ספר
אונטערן אָרעם, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעלויכטן העברעאישע אותיות;
צי אפשר האָב איך אַ טראַכט געטון, איז ער גאָר עפּעס אַ בייזער שליח
פון דעם רבונו של עולם אַליין וואָס וויל מיר נישט פאַר קיין שותף
אַלס רופא חולי עמו ישראל?...

די זאַך איז, אַז ווען איך האָב דערהערט יענעם שרעקלעכן אורטייל
פאַר אַלע מיינע חברים אין די אויגן איז מיר געוואָרן שלעכט אַ מינוט
צום טויט.

אַ קלייניקייט! דאָס גאַנצע יאָר זיך אָפּגעגעבן מיט דער אייגציקער
מאַטעריע און דאָ גאָר אַ דורכפאַל...

אַ קאַלטער אַנגסט־שווייס האָט מיר באַגאָסן. איך בין ווי אַ אָפּגע־
שמיסענער אַרויס פון דער פּאַלאַטע. מיינע פיס האָבן זיך מיר אונטערגע־
בראָכן אַז איך בין קוים צוגעפאַלן צו אַ בענקל.

חבר לאָסאָוויטש מיט נאָך עטלעכע חברה סטודענטן זענען צוגע־
לאָפן מיך מונטערן.

וויפיל צייט דאָס האָט געדויערט, ווייס איך נישט. ווען איך בין צו
זיך געקומען, האָב איך מיך געפונען איינער אַליין אין דעם וואַרט־זאַל,
זיצן ביי אַ טישל אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ גלעזעלע מיט אַ רע־
צעפּט, וואָס איך האָב וואַרשיינלעך אָן מיין וויסן אַראָפּגעשלונגען.

אויפהייבנדיק מיינע אויגן האָב איך מיך אָנגעטראָפן אויף דעם „גע־
קרייציקטן“ וואָס האָט פון אַ גרויסן צלם אויף דעם אַלטאַר פון דער קליי־
נער קאַפּעליע, צו מיר אַראָפּגעקוקט מיט זיינע פאַרגלאָצטע אויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום בין איך אַ וואַקלדיקער אַרויס פון דאָרטן.

אַ פּאָר פאַרוועלקטע נאָנעס אײַנגעהילט אין זייערע שוואַרצע מאַ־נאַסטיר שאַלן האָבן מיך באַגלייט מיט זייערע פינצטערע אָפּגעלעבטע בליקן ביז צום אַרויסגאַנג.

— 2 —

פון יענעם מאָמענט אָן האָבן זיך פאַר מיר געצויגן לאַנגע טעג און נעכט פון פײַנלעכער אײַנזאַמקייט צווישן די ווענט פון אַ כמורנעם ציַ־מערל, אין אַ הויף פון אַן אַ שיעור שכנים.

ווי עפּעס אַ באַנומענער אַרעסטאַנט וואָס טענהט זיך אויס מיט די ווענט פון זײַן צעלע, בין איך כסדר געזעסן פאַרשפּאַרט, אין מײַן צימערל און געמורמלט צו זיך אַליין אויף אויסנווייניק אַלס כללים, דינים און משפּטים פון הלכת „הסעמיאָלאָגיע", אַ מאַטעריע אַזאַ, וואָס איז מיר שוין געלעגן אין מאַרך פון מײַנע ביינער.

דאָס צימערל איז שטענדיק געווען אָנגעפּילט מיט רויך פון די ציַ־גאַרעטן וואָס איך האָב געהאַלטן אין איין רויכערן.

אינמיטן אָט־אָ־דער נעפּלדיקער און שטיקנדער לופט האָט פאַר מיר כסדר געשוועבט דער בייזער געשפּענס פון דעם פּראָפעסאָר.

מענטשן אין גאַס פלעגן אויף מיר קוקן ווי אויף אַן אָפּגעלאָזענע בריאה.

מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר און פאַרלאָזטע באָרד האָב איך דאַן געמוזט אויסזען ווי עפּעס אַ נזיר וואָס טוט תשובה.

אַזוי האָבן זיך ווי אייביקייטן געשלעפּט פאַר מיר די קאַניקעל־מאָ־נאַטן פון 1923.

פון אַזוי פיל טעג נישט דערעסן און נעכט נישט דערשלאָפן, האָב איך מיך אַזוי אויסגעשעפּט פון די כוחות, אַז איך האָב שוין פון געלעגער נישט געקאָנט אַראָפּגיין. אַ פּאָר טעג פאַרן עקזאַמען האָט זיך מיר גע־דאַכט, אַז איך גיי ממש אויס.

איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער וואַנט נעבן בעט, און פון דאָרט אַראָפּגענומען דאָס שפּיגעלע.

אַ שוידער איז מיר דורך איבערן לייב. איך האָב מיך אַליין נישט דערקאַנט. מיין פאַרענדערט פּנים האָט מיך דערמאָנט אין אַן ענלעכן געשטאַלט וואָס איך האָב צוריק מיט אַ סך יאָרן געזען.

יאָ, פּונקט אַזוי האָט ער אויסגעזען אין זיינע לעצטע טעג, לייבעלע דער טשאַכאָטניק, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דעם שטיבל ביי יצחק־מענדלען אויף דער דאַטשע, האָב איך געשעפּטשעט אַנטקעגן דעם שפּיגל, און „דער" וואָס פון יענער זייט, האָט זיך געדאַכט, באַשטעטיקט דאָס מיט זיינע אויסגעטרוקנטע ליפּן.

איך בין דאַן נאָך אַ חדר־ייִנגל געווען, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען ביי אונדז אין שטוב:

אין אַ פרייטיק ביינאַכט איז דאָס געווען, אַ פאַרפאַליעוועטער בין איך אַריינגעלאָפן אין שטוב, נאָכדעם ווי איך האָב מיך גוט אָנגעשפּילט אין דרויסן. איך בין שטיין געבליבן אין מיטן חדר־צימער, ווו מיין פאָטער פלעג אינדערוואָכן „קנעלן" מיט די תלמידים ביים לאַנגן טיש איז איצט מיין פאָטער געזעסן אויף דעם זעלבן אָרט וואָס ער פאַרנעמט בעתן לערנען.

ביי זיין רעכטער זייט, אויף דער לאַנגער באַנק, האָב איך דערזען זיצן אַ מאָדנע אויסגעדאַרט מענטשל.

זיין שוואַרצע קאַפּאָטע איז אַראָפּגעהאַנגען פון אים. אַ שיטער שוואַרץ בערדל, האָט באַדעקט זיינע איינגעפאַלענע באַקן. די שוואַרצע היטל זיינע האָט פאַרדעקט זיין שטערן.

דערפאַר אָבער, האָט זיך מיר געדאַכט, זענען זיינע אויגן עפּעס צו גרויס. אַרויסגעשטאַרטשעט פון זייערע אויגן־לעכער האָבן זיי אַזוי ביסטרע זיך אָנגעשטעלט אויף אַלעס וואָס זיי האָבן אַ קוק געטון.

אַ בלאַס אויסגעדאַרט פּנים פול מיט אויגן איז דאָס געווען.

מיין פּלוצלינגער אַריינפאַלן אין שטוב האָט, איבערגעשלאָגן דעם געשפּרעך צווישן מיין טאַטן מיט אָט־דעם פרעמדן מענטשלעכן שאָטן. עס האָט אָבער לאַנג נישט געגומען און מיין פאָטער האָט זיך אָנגערופן:

— אַזוי, אַזוי, לייבעלע, ביזטו, הייסט עס, טאַקע נעלם געוואָרן פון דער ווילנער ישיבה כדי זיך אַריינצולאָזן אין די גויאישע ביכער. קענסטו זיך האָבן אַ באַגריף פון דעם עגמת נפש און שפיכת דם, וואָס דו האָסט מיינע אומגליקלעכע טאַטע־מאַמע פאַרשאַפט?

אויך איך האָב פון דעם שטאַרק זיך מצער געווען. דו ביסט דאָך ביי מיר אין שטוב אויפגעצויגן געוואָרן אויף קעסט און תלמוד תורה האָבן דיינע עלטערן דיך צו מיר איבערגעגעבן. דיך געוואָלט דערווייטערן פון דער קרעטשמע וואָס זיי האָבן אין דאָרף געהאַלטן. וואַרפסטו אַוועק דאָס הייליקסטע, דאָס טייערסטע, וואָס אַ יידיש קינד קען דערגרייכן. אַ קליי־ניקייט עפּעס, אַ ישיבה, וואָס לאו כל אדם זוכה, ווו מען שווימט אין דעם גרויסן און הייליקן ים התלמוד והשכינה שרויה ביניהם...

— רבי, רבי... האָט אַ הייזעריק קול איבערגעשלאָגן מייז טאַטן, דאָס האָט ער לייבעלע אַרויסגעכריפּעט מיט זיין פאַרשמאַכט מויל. — רבי... געטרונקען האָב איך מיך, נישט געשווומען אין אָט־אָ־דעם ים התלמוד פון לערנען גמרא, תוספות, מדרש. איך האָב געהאָפט, אַז ווען איך וועל אָנווענדן אַזוי פיל צייט און ענערגיע אויף אַנדערע לימודים וועל איך געוויס מער נוצן ברענגען דער מענטשהייט.

וואָס פאַר אַ תכלית קאָן אַרויסקומען פון לערנען גמרא, תוספות, מדרש, חובת הלבבות וכדומה? ווייסן מיר דען נישט אַז וכל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה וגוררת עווין? איך שווער אייך, רבי, ביי וואָס הייליק איז אַז... אַז איך וואָלט קיינמאָל נישט געשטרויכלט געוואָרן דורך דער תורה של אומות העולם, זי וואָלט קיינמאָל אויף מיר קיין שלעכטע השפּעה געהאַט. מען קאָן זיין אַן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט, אָדער אַ גרוי־סער מעדיצינער און גלייכצייטיק אַ ייד אויף דעם פולן מויל, אַ בן־תורה, דאַן איז דאָס אַוועקלאָזן זיך אויף דעם ים, התלמוד, דענק איך, איינע פון די גרעסטע תענוגים.

אַ פאַרגאַפטער בין איך געשטאַנען אינמיטן חדר די גאַנצע צייט און זיך צוגעהערט צו לייבעלעס קלוגע רייד.

לאַנגזאַם מיט אַ קורצן אָטעם האָט ער גערעדט. שוואַך און הייזע־ריק איז געווען זיין שטימע, פון צייט צו צייט האָט אַ קייך־הוסט איבער־

געהאַקט זיין רעדן, דער שוואַכער גוף זיינער האָט בעת מעשה קאָנוול־סיוו זיך געקאָרטשעט. זיינע גרויסע אויגן זענען אין יענע מאָמענטן רויט געוואָרן און מוראדיק געקוקט פאַרלוירן אין ווער ווייסט וועלכע ווייט־קייטן.

מיין פאָטער האָט אויף אים געקוקט מיט באַדויערונג און רחמנות —

אָבער... רבי... האָט ער נאָכן אָפּכאַפּן אַביסל דעם אָטעם ווידער גע־נומען רעדן,, איצט שוין מיט אַ נעבעכדיק, כמעט וויינענדיק קול: — שטאַרק האָט מיר דער רבנו של־עולם באַוואָלהט. ער האָט ביי מיר צוגע־נומען דאָס לשון און דעם שכל, פונקט אין דעם מאָמענט וואָס איז מיר אין לעבן געגאַנגען.

ביים לעצטן עקזאַמען פון דעם אַכטן קלאַס גימנאַזיע, ביים סאַמע ענדע פון מיינע שלאָפלאָזע נעכט און אַנגסטליכע טעג איז דאָס געשען.

ווען מען האָט מיר אויסגערופן צום עקזאַמען בין איך ווי אַ ליימע־נער גולם געבליבן זיצן אַנטקעגן די פּראָפעסאָרן... דאָס לשון איז מיר פּלוצלינג אָפּגענומען געוואָרן. עפּעס אַ שטן מקטרג האָט זיך אַוועקגע־שטעלט און האָט אויסגעשעפּט פון מיין מוח אַלעס וואָס ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט. אַלעס פאַרגעסן... איך בין פּלוצלינג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומוויסנדיקער שטומער בריאה. צו שאַנד און צו שפּאָט האָט מיך גאָט געמאַכט. איך האָב באַמערקט ווי די פּראָפעסאָרן קוקן אויף מיר ווי אויף אַן אידיאָט.

— אוי רבי, רבי, האָט ער כליפּענדיק, נאָך אַ קורצער פּויזע אַ זאָג געטון, — יענער דורכפאַל האָט מיר מקצר־ימים געווען.

אין דער זעלבער נאַכט האָב איך באַקומען די ערשטע „קראָוואָ־טע־טשעניע" (בלוט־שטורץ) פון די לונגען.

אָנשטאָט אַריין אין אוניווערזיטעט בין איך אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל...

אַ צעווייטיקטער און אַ דערשלאָגענער, איז לייבעלע אַנידערגעפאַלן מיטן פּנים צום טיש און האָט אין דער שטיל געקלאָגט. דער גאַנצער קראַנקער קערפּער זיינער איז אין יענעם מאָמענט באַהערשט געוואָרן פון אַ שרעקלעכער ספּאַזמע.

עס איז מיר ענג געוואָרן אין האַלדז און עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים הערצל, ווען איך האָב באַמערקט, אַז אויך ביי מיין טאַטן זעגען די אויגן מיט טרערן פאַרלאָפן.

— נו, לאָז שוין זיין געזונט, לייבעלע, עס איז נישט באַשערט... מיין קינד... האָט מיין טאַטע, אַ טיף געריהרטער, מיט אַ ציטערדיקער שטימע גלעטנדיק לייבעלען, געזאָגט. — וועסט, מיט גאָטס הילף, געזונט ווערן. דעם גאַנצן זומער וועסטו דאָ אָפּזיין אויף דער דאַטשע, און בריהע דער רופא וועט דיך אם ירצה השם אויסהיילן.

נו, שטיי אויף און לאָמיר גיין אין קלויז צו קבלת שבת...

***

אַן אויסערגעוויינלעכער אומעט, ווי אין די שבעה־טעג נאָך אַ נפטר, האָט געהערשט יענעם פרייטיק צונאַכטס ביים טיש, ווען לייבעלע האָט צום לעצטן מאָל מיט אַ טרויעריקן ניגון די זמירות געזונגען.

יענע נאַכט וועל איך שוין קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

לייבעלע איז געשלאָפן אויף דער סאפקע, איך, קעגנאיבער, צויף דעם האַרטן, געלעגער, אויף די צוויי לאַנגע בענק אין חדר. די שוואַכע שיין פון הענג־לאָמפּ האָט צוגעגעבן זיין טשאכאָטע־פּנים אַ בר־מנן אויס־זען.

ווען־נישט־ווען האָט אַ הוסט איבערגעריסן זיין אַזוי־אויך־אומרו־איקן שלאָף. מאַנכעס מאָל האָט ער גערעדט אומפאַרשטענדלעכע דיבורים, עפּעס אַ מיש־מאַש פון לשון קודש און רוסיש...

קיינמאָל האָט מיך די נאַכט נישט אויסגעזען אַזוי מוראדיק. מער ווי אַלע מאָל, האָט זיך מיר געדאַכט, יאָמערן אַזוי אימהדיק די שויבן פון חדר, ווען דער ביינאַכטיקער צפון־ווינט יאָגט אָן אויף זיי.

איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן. עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן אין חדר. דער לאָמפּ האָט גענומען צאַנקען. פון ערגעץ האָט זיך צו מיר געיאָוועט אַ געדאַנק וואָס האָט מיר געפּייניקט אין מוח: — דאָס צאַנקען פון הענגלאָמפּ אונטער דער סטעליע פרייטיק צו נאַכטס איז געגליכן צום אויסגיין פון אַ מענטשן. אָט, דאַכט זיך איז שוין פינצטער,

און פלוצלינג שיינט ווידער אויף דאָס פייערל אויף דעם קנויט. עס ווערט אויף אַ ווײַלע ליכטיק און באַלד ווידער לעשט דאָס זיך לאַנגזאַם אויס. אַזוי עטלעכע מאָל ביז עס ווערט אין גאַנצן פינצטער.

אַזוי מוז דאָס געשען מיטן לעבן וואָס צאַנקט און ווערט פאַרלאָשן ווען דאָס חיות גייט אויס.

***

זונטיק אין דער פרי האָט מען לייבעלען אַוועקגעפירט אויף דער דאַטשע.

— 3 —

ביז דאַן האָב איך גאָרנישט געוווּסט אַז דאָס ווייס־געקאַלעכט שטיבל, וואָס מען זעט אָן פון אונדזער גאַניק ביי יצחק־מענדלען אויף דעם גאָרטן, צווישן ביימער, איז אַ זומערדיקער נעסט פאַר כרת־ימימ־דיקע...

עס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן אַפילו, אַז דורך יענע שיינע פענצטערלעך קוקן אַרויס צום פיינעם גאָרטן, יונגע קראַנקע לעבנס וואָס וועלן פון דאָרט אַוועק ווען די בלעטער אויף די ביימער וועלן אָנהייבן אַרונטערפאַלן.

נישט אומזיסט פלעג איך אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן באַמערקן בריעהן דעם רופא זיך דאָרט אַרומדרייען אַרום יענעם שטיבל. דאָס פלעג ער קומען אונטערזוכן די טשאכאטניקעס. איצט ווייס איך שוין פון וואַנעט עס פלעגן זיך דורך דעם אָפענעם פענצטער צו מיר דערטראָגן אין די זומערדיקע נעכט דער אָפּקלאַנג פון די שטאַרקע קייך־הוסטן, וואָס האָבן אַזוי מיינע נערוון געררייצט. מיט דעם דופּטיקן ביינאַכטיקן ווינטל פלעגן זיי זיך אַריינכאַפּן.

אין יענעם זומער איז בלויז איין לונגען קראַנקער געלעגן ביי יצחק־מענדלען אויף דעם גאָרטן אין דעם ווייס־געקאַלעכטן שטיבל. — דאָס

איז געווען אונדזער לייבעלע. ווען איך פלעג מיך דורך די נעכט אויפ־כאַפּן האָב איך אים געהערט הוסטן.

איך פלעג אים באַזוכן יעדן פרייטיק נאָכן חדר, און צוהעלפן דער מאַמען זיינער, אים איינגעבן, דאָ אַ ארעצעפּט, דאָ אַ לעפל געקעכץ אָדער סתם זיך מיט אים זען.

פון איין ערב שבת צום צווייטן האָט ער זיך געענדערט. די בעט איז געוואָרן וואָס אַמאָל צו ברייט פאַר אים, דאָס פּנים מער ביינערדיק, די אויגן מער אויפגעריסן און גוואַלדיק, די ליפּן בלאַסער און איינגעקאָר־טשעטער, דאָס קול שוואַכער און מער הייזעריק, דער אָטעם קורצער. ביי ביידע זייטן קערפּער זענען די אָרעמס געליגן אָן מאַכט, די הויט צוגע־טרוקנט צו די ביינער, וואָס מען האָט געקאָנט איבערציילן. אויך די פינ־גער האָבן באַקומען אַ מאָדנעם אויסזען. זיי האָבן זיך פאַרענדיקט אין עפּעס אַ געדראָלענער רונדקייט.

מער פון אַלעס בין איך געווען נייגעריק צו וויסן, פאַר וואָס ווערט זיי ציקאָפּנס וואָס אַמאָל העכער? אָן אַ שיעור קישעלעך זענען דאָרט צוגעקומען, אַזוי אַז ער איז איצט שוין נישט געלעגן ווי פריער, נאָר כסדר געזעסן און געפּאָכעט מיט דער נשמה. האָב איך מיך איינגעשטעלט און אַ פרעג געטון.

— און ביינאַכט זיצסטו אויך אַזוי לייבעלע?

— יאָ, חברל, ליגנדיק פעלט מיר אויס אָטעם. ווייל איז דעם וואָכ קען זיך לייגן ווי אַזוי ער וויל, האָט ער סאָפּענדיק אַ זאָג געטון, און האָט פאַרגעזעצט. — איך דערגענטער מיך וואָס אַ טאָג מער צום דרויסן, צום פענצטער, צום אַרויסגאַנג... ווויל איז דיר, חברל, וואָס אַז דו לייגסט זיך שלאָפן ביזטו זיכער, אַז דו וועסט מאָרגן אויפשטיין אָן אויסגערוטער זאָגן מודה אני... וועסט דאַנקען און לויבן דעם מלך חי וקים וואָס ער האָט דיר אומגעקערט די נשמה. איך האָב מורא צו איינשלאָפן ווייל אַ ליאַדע מאָמענט קאָן „ער", ווועמענס נאָמען איך וויל אַפילו אויף די ליפּן נישט ברענגען, ביי מיר די נשמה צונעמען. זיץ איך גאַנצע נעכט און האַלט פאַרמאַכט די אויגן, כדי מיין מאַמע וואָס ליגט דאָ דערנעבן אויף דער סאָפּקע זאָל מיינען אַז איך שלאָף. איך וויל זי נישט מצער זיין.

נאָך ערגער איז מיר מיטן עסן. ווו האָט זיך אָהינגעטון מיין אַפּעטיט?

די טיר פון צימער האָט זיך אויפגעעפנט, די מאַמע זיינע איז אָנגע־קומען מיט אַ פּאָר פלעשעלעך פון אַפּטייק.

ער האָט זיך ווידער פאַרזונקען אין זיינע געוועגלעכע טרויעריקע מחשבות. ברייט האָט ער איצט צעעפנט זיין מויל צו אַריינאָטעמען דאָס פּאַרנאַכטיקע ווינטל וואָס האָט זיך ווי מיט געוואַלד אַריינגעריסן דורך דעם אָפענעם פענצטערל דאָס ווינטל האָט שוין געשמעקט מיט אַראָפּגע־פאַלענעביימער־בלעטער.

דאָס זעלביקע אָסיען־ווינטל האָט אין מיטן נאַכט פון דינסטיק אויף מיטוואָך געבראַכט צוטראָגן צו אונדז אין שטוב דאָס געיאָמער פון לייי־בעלעס מאַמע... דעם סיגנאַל, אַז לייבעלע איז שוין ווייט אָפּגעשיידט... באַלד זענען מיין טאַטע־מאַמע אויפגעשטאַנען און אַוועק אַהין צום שטיבל.

— 4 —

מיט דער צייט איז לייבעלע מיר פון זינען אַרויס. דערמאָנט האָב איך מיך ערשט אָן אים ווען איך האָב אים דערזען אין שפּיגל... אזוי־ ענלעך בין איך געווען צו אים אין יענעם ערב עקזאַמען.

אַן אויפגעשווידערטער האָב איך מיך אַראָפּגעכאַפּט פון מיין געלע־גער און ווי אַ שאָטן דורכגעשלייכט דעם לאַנגן הויף.

דער פריזירער ביי וועלכן איך פלעג מיך שערן, איז אַ ווײלע גע־שטאַנען און האָט מיך באַטראַכט. נאַכהער האָט ער אַ מאַך געטון: — איך וואָלט שווערן, אַז איר קומט פון אַ טורמע נאָר וואָס אַרויס.

— ווי פאַלט אייך עפּעס איין אַזאַ זאַך?

— איך ווייס? איך האָב אייך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ צו־שטאַנד.

— גוט, פרעגט נישט קיין קלאָץ־קשיות און מאַכט מיך פאַר אַ מענטשן.

איך בין דערנאָך אַריין אין רעסטאָראַן און אָפּגעגעסן אַ גוטע ווע־

טשערע, פֿאַרטרונקען מיט אַ היבש ביסל ווײַן, ווי אַ פֿאַרטשאַדעטער האָב איך מיך אַ וואָרף געטון אויף מײַן געלעגער און איך האָב נישט געוווּסט ווו די נאַכט האָט זיך אַהינגעטון.

אַן אויסגערוטער און אַ פֿאַרפּוצטער בין איך צוגעקומען אויף מאָרגן אין דער פֿרי צו דער פּאַלאַטע ווו דער עקזאַמען דאַרף פֿאָרקומען. וואָס וועט זײַן, וועט זײַן, האָב איך געטראַכט.

פּלוצלינג איז אויסגעוואַקסן לעבן מיר דער רויט־האָריקער חבר לאַ־סאָוויטש און האָט מיר אַרומגענומען מיט אַ פֿרייליכן אויסגעשריי.

— מזל טוב! מזל טוב! ברודער.

— וואָס איז דאָס אַזאַ גדולה אויף דיר? וואָס עפּעס אין מיטן דע־רינען מזל־טוב?

— וואָס, דו ווייסט גאָרנישט? ער גייט דאָך אויף די בלעטער.

— וועמען מיינסטו דאָס? רעד קלאָרע דיבורים.

— דער פּראָפֿעסאָר „פּ“. ער ליגט דאָך אין געהאַקטע ווונדן אין שפּיטאָל פֿון שטעטל דאָלאָרעס, פֿאָרנדיק פֿון מאַר דעל פּלאַטאַ האָט ער געליטן אַן אויטאָ־אַקצידענט. מען וועט זיך שוין באַגיין אָן אים בײַ דעם עקזאַמען.

איך בין לאַסאָוויטשן אַרויפֿגעפֿאַלן אויף דעם האַלדז און צודריקנ־דיק אים צו מײַן האַרצן האָב איך מיט טרערן אין די אויגן פֿאַר פֿרייד געזאָגט:

עס איז אַ נס מין השמים, ברודער, מיר זענען געראַטעוועט.

אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך גאָר נישט געריכט אַז דאָס נעם איך אַזוי אַרום אַ האַרציקן חבר וואָס וועט לאַנג נישט פֿאַרבלייבן צווישן די לעבעדיקע.

אַ פּאָר יאָר נאָך אונדזער ענדיקן דעם פֿאַקולטעט איז דאָקטאָר לאַ־סאָוויטש, וועמען די חברה פֿלעגן רופֿן אויפֿן צונאָמען „על פּאָרמידאַבלע“ (דער מעכטיקער) געשטאָרבן.

אַ האַלבער יובל איז אַוועק פֿון יענעם גלענצנדן עקזאַמען וואָס האָט מיר אַזוי פֿיל געזונט געקאָסט.

דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז נאָך אַזאַ צייט זאָל איך מיך געפֿינען

פנים אל פנים אין אַ יידישער שטוב מיט יענעם פּראָפעסאָר. איך זיץ איצט אַנטקעגן אים און גיב אָפּ אַן עקזאַמען אויף אַ מסוכנעם חולה. אַ קאָנסולטע איז נישט מער ווי אַ מין עקזאַמען פון וועלכן דער הויז־דאָק־טער גייט שטענדיק אַרויס „אַפּראָבירט״, ווייל אַזוי שטייט בפירוש גע־שריבן אין דעם מעדיצינישן קאָדעקס, אַז קיין פּראָפעסאָר טאָר חלילה נישט פּסלען די אַרבעט פון דעם הויז־דאָקטאָר פאַר דעם חולהס קרובים אין זיין אָנוועזנהייט (אונטער די אויגן טוען עס יאָ כמעט אַלע).

שטייען די קרובים פאַר דעם פּראָפעסאָר און ציטערן ווי די לעמע־לעך און איך הער ווי ער לויבט מיך אין טאָג אַריין, אַז אַלעס וואָס איך האָב געטון פאַר דעם חולה איז כשר וישר, נאָר מען קאָן ביי דער מעדי־צין נישט פאָדערן מער וויפיל די מעדיצין קאָן געבן. בעת־מעשה וואַרפט ער מיר צו ווען נישט ווען דאָס באַקאַנטע שמייכעלע זיינס, וואָס ליגט מיר אַזוי איינגעבראָטן אין האַרצן.

דאָס זעלבע שמייכעלע צעקרומט זיין פאַרעלטערט פּנים ווען ער פאַרלאָזט דעם זאַל.

איצט בין איך שוין זיכער, אַז לייבעלעס הייליקע געשטאַלט און נישט צוגלייכנדיק, דעם פּראָפעסאָרס אַנטיסעמיטישער פּרצוף, וועלן מיר אַנטקעגן שטיין ביז מען וועט מיר שערבלעך לייגן אויף די אויגן.

# נחמיה און די בארמהאַרציקע

— 1 —

אין יענעם גאַנצן זומער פלעגט עפּעס אַ געהיימע קראַפט פון וועסט וואָס פאַר אַ בעל־דבר מיך אַרויסרייסן אַלע באַגינען פון מיין געלעגער און נעמען געוועלטיקן איבער מיר.

גאַנצע טעג פלעג איך אַ פאַרטראַכטער און אַן אומעטיקער אַרומגיין און אויסזיין ווי ערגעץ אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון בוענאָס איירעס. נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין שום רעכענונג פון מיין אומזיניקן און נוצלאָזן וואַגאַבונדעווען.

עס האָבן נישט געהאָלפן מיין טאַטנס עליו השלומס טענות:

— וואָס וועט פון דיר ווערן?

איך האָב געזען ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן זיינע בליקן און פלעג אַנטלויפן גאַנץ־פרי ווו דער רוח האָט מיך געטראָגן.

איך האָב נישט געהאַט דעם מינדעסטן באַגריף פון צייט און אָרט ווו דער נישט־גוטער פירט מיך אַרום.

וואָס מיר איז דעמאָלט געווען, קאָן איך מיר עד היום נישט דערקלערן. מעגלעך, אַז עס איז געווען אַ מין קריטישער און שטורעמדיקער איבערגאַנג־פעריאָד, וואָס נישט יעטוועדער פערצן־יאָריקער בחורל לעבט דאָס דורך.

צומיינסטן גייט אָט אָ די תקופה פאַרביי אָן שום שטערונגען.

אין איינעם פון יענע פאַר מיר טרויעריקע זומערדיקע פאַרנאַכטן, האָב איך מיך פלוצלינג דערזען שטיין אין מיטן אַן אַלטן און אַ פאַרלאָזטן צווינטער, וואָס האָט זיך אין יענער צייט געפונען אין מיטן שטאָט, צווישן די גאַסן וויקטאָריאַ און אַלסינאַ אין די צוויי־און־צוואַנציק הונדערטער.

דאָרט, פון צווישן איינגעפאַלענע קברים מיט צלמים, האָט זיך אַ וואָרף געטון פאַר מיינע אויגן אַ מצבה אויסגעקריצט מיט העברעאישע שוואַרצע אותיות.

דער נאָמען פון אונדזער נביא נחמיה, וואָס האָט אַראָפּגעשריגן פון יענעם שטיין, האָט מיך אַהין אַ צי־געטון.

ווען איך בין צוגעגאַנגען האָט זיך פון דעם שטיין לאַנגזאַם אויפ־געהויבן אַ פרויען־געשטאַלט אָנגעטון אין די בגדים פון אַ באַרימהאַרצי־קער שוועסטער, איבערלאָזנדיק ביי דער יידישער מצבה אַ בוקעט פרישע בלומען.

אַ דערשטוינטער בין איך שטיין געבליבן ביים קבר פון יענעם אומ־באַקאַנטן שוכן עפר פון זעלבן בלוט און נשמה, וואָס איז אַזוי נאָך דעם טויט פאַרפרעמדט געוואָרן.

**

אַ צענדליק יאָרן זענען אַריבער, נישט אַזוי לייכט טוט זיך ווי עס רעדט זיך: שוין אַלס סטודענט פון מעדיצין, פאַרלאָזנדיק דעם שפּיטאָל סאַן ראָקע, אויך אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, אַ קורצע צייט נאָך מיין פאָטערס טויט, האָב איך ווידער פאַרבלאָנדזשעט צו יענעם פּלאַץ. אָבער אָנשטאָט אַ בית־עולם, האָבן איך דאָרט געטראָפן אַ פּלאַסע (שפּאַציר־פּלאַץ).

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און גענומען אַריינאָטעמען די מחיהדיקע לופט פון די פאַרצווייגטעביימער.

פּלוצלינג איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן נעבן מיר אַן אַלטער ייד און האָט מיט מיר פאַרבונדן אַ געשפּרעך, וואָס איז מיך גאָר נישט אָנגעגאַנגען.

נאָך אַ קורצער פּויזע, רופט ער זיך אָן:

— איר ווייסט, יונגערמאַן, אַז אויף דעם אָרט ווו מיר זיצן איצט, איז צוריק מיט יאָרן געשטאַנען אַ יידישע מצבה.

איך האָב זיך אַ כאַפּ געטון און אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן אויף דעם אַלטן אומבאַקאַנטן.

— יאָ, יאָ, — האָט ער אַ מאַך געטון — איך אַליין מיט נאָך אַ מנין יידן האָבן אַהער געבראַכט צו קבורה אַ יידן, אַ קאָלאָניסט פון ענטרע ריאָס. ס'איז נאָך דאַן קיין יידישער בית־עולם נישט געווען.

— נחמיה האָט ער געהייסן? — האָב איך אים איבערראַשט אַ פרעג געטון.

— יאָ, יאָ, טאַקע נחמיה. פון וואַנען ווייסט איר, יונגערמאַן?

— ווייל איך האָב די מצבה געזען.

— אויב אַזוי, וועל איך אייך דערציילן ווער דאָס איז געווען.

ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין זענען מיר געזעסן אויף דער באַנק אין יענער פּלאַסע און דער אַלטער האָט פאַר מיר געשילדערט די דאָזיקע געשיכטע, וואָס איך גיב דאָ איבער, אַביסל שרייבעריש באַאַר־בעט. אָבער קודם־כל ווער זענען עס די באַרימהאַרציקע שוועסטער?

— 2 —

אין מיטן גאָרטן פון שפּיטאָל שטייט די קאַפּיליע, אַ מין מיניאַטורל פון אַ קלויסטער. עס זעט אויס ווי אַ קירכע, אויף וועלכער מען קוקט דורך אַ גלאָז, וואָס פאַרקלענערט די זאַכן.

פון יעדער פּאַלאַטע שלענגלט זיך אַוועק אַ זאַמדיק שטעגל צווישן דעם גרינעם גראָז־טעפּיך פון דעם גאָרטן צום נידעריקן טירל פון דער קאַפּיליע.

איידער די זון גייט אויף, סיי זומער, סיי ווינטער, ווערן די קליינע קלויסטער־פענצטערלעך באַלויכטן און באַלד נעמען די גלעקער קלינגען מיט אומעטיקע טענער, וואָס מאַכן דערמאָנען אין שאָפּענס טרויער־מאַרש. פון ערגעץ אַ ווינקל פון שפּיטאָל יאָוועט זיך אַרויס עפּעס אַ מאָד־נע מחנה, ווייסע באַפליגלטע פאָרמעס, וואָס ציען זיך פויל און לאַנגזאַם צו דער קאַפּיליע.

דער וואָס איז קיינמאָל אין קיין שפּיטאָל נישט געווען, וואָלט גע־קאָנט מיינען, אַז דאָס זענען אויסטערלישע נאַכט־פויגלען, אָדער עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער סאָרט פלעדער־מייז וואָס פלאַדיען זיך בלויז אין

די שפּיטעלער און לאָזן זיך אַראָפּ אין יענער שעה פון זייערע פאַרבאָר־גענע נעסטן צו אויסזויגן דאָס לעצט ביסל היות ביי די גוססדיקע קראַנקע.

אין דער אמתן, דאָס פלאַטערן אַזוי אין דער לופטן די באַפליגלטע טשיפּעקעס פון די נאָנעס.

דאָס זענען די טעכטער פון סאַן וויסענטע דע פּאַול, וואָס האָבן זיך געפעדערט צום דאַווענען אין דער שפּיטאָל־קאַפּיליע.

קיין שום הייליקער אין דער קריסטלעכער וועלט ווערט נישט אַזוי געלויבט ווי סאַן וויסענטע דע פּאול, אַ גייסטלעכער וואָס האָט געלעבט אין פראַנקרייך אין די צייטן פון לודוויג דער דרייצנטער און קאַרדענאַל ריטשעליע.

זיינע מידות הרחמים האָבן אַרויסגערופן יראת הכבוד ביי די פירשטן און קעניגן, באַגייסטערונג ביי די ריטער און האַרציקע ליבע ביי די אָרי־מע און גאַלעאָטען (שיף־שקלאַפן).

באַהערשט פון עפּעס אַ נישט־ערדישן געפיל לטובת די געליטענע, גיט ער זיך איבער בלב ונפש צו זיי, לינדערן זייערע מאַטעריעלע וווג־דן, קרעפּטיקט און דערהויבט די געמיטער פון די שוצלאָזע. ער איז מבקר פאַרפעסטעטע קראַנקע און באַשיצט קינדער, טרייסט די קראַנקע אין די געפענגענישן.

ער איז איבערצייגט אין זיין באַגריף, אַז ביי גאָט זענען אַלע ערדי־שע באַשעפענישן גלייך.

אין אויבערשטנס השגחה און הילף בויטיקט זיך סיי דער אַרעסטאַנט אין קייטן, סיי דער דעספּאָט אויף זיין קעניגלעכן טראָן.

געבוירן איז וויסענט אין אַ קליינער שטאָט אין דרום־פראַנקרייך, נאָענט פון דער שטאָט דאקס, אין גאַסקוניא, אין יאָר 1576. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרימער פּאַרמער.

וויסענטע האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פּאַשען שאָף און רינדער צווישן די נאָענטע בערג.

די רעליגיעזע באַגריפן וואָס ער האָט באַקומען אין זיין פרומער היי־מישער סביבה, האָבן ביי אים אָנגענומען מער געוויכט און אַריינגעדרונ־

געגן טיפער אין זיין נשמה דאָרט אין פעלד, אונטערן פרייען הימל. ווו ער האָט זיך געפונען פנים אל פנים מיט דער יצירת הבורא, באטראַכטנ־דיק דעם ווונדערבאַרן און קראַנאָמעטרישן מאַרשרוט פון דער זון, פון דער לבנה, די שטערן און מזלות, פלעגט ער אַריינפאַלן נישט איין מאָל אין גרויסן עקסטאַז, וואָס פלעגט ביי אים אַרויסרופן לויב־געזאַנג צו דעם באַשעפער, ענלעך צום תהילים.

זיין פאָטער האָט עס באַמערקט און האָט אים באַטראַכט פאַר עפּעס אַ גלגול פון אַ הייליקער נשמה.

דער קליינער וויסענטע, דער פּאַסטוך, איז דאַן בלויז צוועלף יאָר אַלט געווען ווען דער פאָטער האָט אים אַריינגעגעבן אין אַ פראַנציסקאַ־נער שולע, אין דער שטאָט דאקס.

זיינע פעאיקייטן און התמדה האָבן אַרויסגערופן באַגייסטערונג פון זיינע חברים, וועלכע האָבן אים צוגערעדט אַז ער זאָל זיך דערשלאָגן צו גרעסערע לימודים, מאַכנדיק אים אויפמערקזאַם, אַז עס שטייט אים פאַר אין דער צוקונפט אַ לעבן פול מיט גלאָריע.

אַ שמייכלדיקער פלעגט ער אָפּענטפערן אַז עס איז נישטאָ קיין גרע־סערע וויסנשאַפט ווי די קונסט פון ראַטעווען נשמות, פון איינפלאַנצן אין די הערצער די ליבע צום עוואַנגעליום.

ער פאָרט אַוועק קיין שפּאַניע צו לערנען טעאָלאָגיע אין דער אוני־ווערזיטעט פון סאַראַגאָסאַ, באַקומט נאָכהער דעם טיטול באַטשיזשער אין טעאָלאָגיע אין טאָלאָסאַ.

צו 24 יאָר ווערט ער גלח אין אַ אָפּגעזונדערטער און אָרימער קאַ־פּיליע און לערנט אַ סך מענטשן די ליבע צו גאָט און צו מענטשן.

— 3 —

אין יענער צייט איז פּאַריז געווען אַ כרך מיט אַ פול־קאָמפּאַקטער באַפעלקערונג, אַ צעטרייסלטער פּאָליטישער, סאָציאַלער און עקאָנאָמי־שער צענטער, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען האַנט ביי האַנט מיטן אָנגעזאַמלטן רייכטום און גרויסע פּאַלאַצן, גרויסע שמוציקע ווינונגען מיט אָן אַ שיעור שכנים, קאָנווענטיזשאָס אַזעלכע.

אמת, עס האָבן נישט אויסגעפעלט אָנשטענדיקע איינוווינער, אָבער די צאָל פאַרברעכער איז געווען אומגעהויער גרויס.

אָן אַ שיעור בעטלערס האָבן זיך געשלעפּט איבער די גאַסן, אַ סך קראַנקע זענען געליגן אין אָרימע פאַרלאָזטע הייזער, שיכורים און סתם מענטשן מיט אומלייטישע זיטן האָבן זיך געוואַלגערט אַרום די שענקן אין פאַריזער רינשטאָקן.

די קראַנקע אָן בעטן, די גרויסע לעגיאָנען בעטלערס, די אומגעהויערע צאָל גאַסן־יינגלעך, ממזרים, וואָס זענען געוואָרן פּריצייטיק פאַרברעכער, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקלעכע געפאַר פאַרן געזונט־צושטאַנד, פאַר דער מאָראַל און סאָציאַלער רו פון פאַריזער באַפעלקערונג.

דער דעמאָלט־באַרימטער שפּיטאָל „האָטעל דיעו“, דער גרעסטער פון גאַנץ פראַנקרייך, פלעגט יערלעך אַריינעמען פון דרייסיק ביז פערציק טויזנט קראַנקע, איז אָבער געוואָרן צו־קליין. עס האָט נישט געקלעקט סיי בעטן און סיי מעדיקאַמענטן. דאָן איז סאַן ווינסענטע דע פּאָול אונטערגעקומען אין יענעם שפּיטאָל, אַ גאַנצן לעגיאָן פעלד־אַרבעטערנס האָט ער מאָביליזירט פאַר אומזיסטיקע קראַנקן־שוועסטער, וואָס האָבן באַלאַגערט דעם שפּיטאָל מיט דער הילף פון אַריסטאָקראַטישע דאַמעס פון וועלכע ער האָט באַקומען מאַטעריעלע שטיצע.

מיט מסירת־נפש האָבן זיך די אַזוי גערופענע טעכטער פון סאַן ווינסענטע דע פּאָול געקליידט אין בלויע מאַנטלען, ווייסע געקראָכמאַלעטע באַפּליגלטע טשיפּקעס, לאַנגע תפילה־שנורן מיט שווערע צלמים אויף די הערצער, האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ הייליקן קאַמף צו ראַטעווען פיזיש און גייסטיק דער טיף־געזונקענער פאַריזער אונטערוועלט, אונטער סאַן ווינסענטעס מאָטאָ, אַז לינדערן מענטשלעכע יסורים איז אַ געטלעכע עובדה.

צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל האָט ער פריער געדאַרפט זיך אַוועקלאָזן ווי אַ מין ערמיטאַן איבער צעוואָרפענע דערפער, עוואַנגעליזירן די פאַרגרעבטע ערד־אַרבעטער.

ביז יענער צייט האָט זיך קיינער נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַז עס

קאָנען עקזיסטירן פרומע און ערלעכע פּאַרזעסענע בתולות אויסער די פאַרזיגלטע שווערע טויערן פון די מאָנאַסטירן.

דאָרט, צווישן די גרויע מרה־שחורהדיקע ווענט, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקוקט אין דעם טונקעלן חלל פון מאָנאַסטירן בילדער פון קאַטוי־לישע צדיקים און מאַרטירער, זענען פרי־פאַרעלטערטע יונג־פרויען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין שוואַרצע שאָטנס, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די ערדישע תענוגים צו באַהעפטן זיך מיט דעם געקרייצטן נוצרי, ביי וועמען זיי האָבן טאָג און נאַכט געבעטן מחילה און סלוחה פאַר די זינדיקע נשמות, וואָס וואַנדערן אויף דער וועלט.

סאַן וויסענטע דע פּאול האָט באַוויזן דעם קונץ, אַז אויסער דעם מאָנאַסטיר קאָן מען פאָרמירן פרומע און ערלעכע פרויען, וואָס זאָלן זיך אָפּגעבן צו קראַנקע גופים און אַזוי אַרום ווירקן אויף דעם פאַרצווייפלטן וואָס פאַלט אַריין אין יאוש און טרעט־אָפּ פון דרך הישר, ער זאָל זיך צוריק אומקערן צו דער אמונה און בטחון אין דעם באַשעפער.

אַזוי אַרום האָט ער פון די שמייכלדיקע און בליענדע פעלדער, וואָס ליגן ביי די ברעגן פון סענא, לוארא, ראדאנא א. א. וו. צונויפגעבראַכט יונגע מיידלעך קיין פּאַריז און האָט זיי געלערנט די מידה פון רחמים, כדי צו נושא חן זיין ביי גאָט און זיין נוצלעך צום בן אדם.

עס האָט קיין סך צייט נישט גענומען, אַז דאָס הומאַניטאַרע מילי־טער זאָל ווערן מאָביליזירט אויסער די גרעניצן פון פראַנקרייך.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די שפּיטעלער פון פאַרשיי־דענע לענדער די סילועטן פון פרויען מיט דער עמבלעם פון באַרימהאַר־ציקע שוועסטער.

איצט, נאָך אומגעפער פון דריי הונדערט יאָר, באַגעגנט מען די טעכטער פון סאַן וויסענטע דע פּאול ווו נאָר עס טליעט ערגעץ אַ קריסט־לעכער פונק.

אייראָפּעאישע דאָקטוירים, וואָס באַזוכן, צוליב פאַרשידענע סיבות, ווייטע לענדער און קאָסמאָפּאָליטישע שטעט, ווי סינגאַפּור, שאַנכאַי, קאַלקוטאַ, טאָקיאָ, יאָקאהאמא א. אַז. וו., ווערן באַגייסטערט און דער־שיטערט ווען עס קומט זיי אַנטקעגן דער גוט־באַקאַנטער אוניפאָרם, דאָס געשטאַלט פון אַ באַרימהאַרציקער.

מען זעט זיי אויף די פאַרוואָרפענע אינדזלען פון די זיבן ימען, אויף די פּרוכטבאַרע אָאַזיסן אין מיטן די טראָפּיקאַלישע מדבריות, צווישן מאַכמעדאַנער, בראַהמאנער און בודיסטן; צווישן נעגערס, מאָנגאָלן און אינדיאַנער.

פון דער גאָרער וועלט קומען זיי, אָפּרייסנדיק זיך פון זייערע מו־טערלעכע היימען פון די נאָענטסטע און טייערסטע און פון די ערדישע תענוגים און שליסן זיך איין אין די דלד אמות פון אַ שפּיטאָל אָדער פון גלאַט אַזוי אַ סאַניטאַרן אַנשטאַלט צו ברענגען די קראַנקע אַ דערקוויקנ־דיקן הייל־מיטל, אַ טרייסט־וואָרט און אַ וואַרימען בליק דעם פאַר־וואָגלטן, אַ שטראַל פון האָפענונג דעם פאַרצווייפלטן און אַ הייליקע תפילה פאַר דעם גוסס ביי זיין צוקאָפּנס.

אין דעם אַלטן שפּיטאָל סאַן ראָקע, אין בוענאָס איירעס, האָב איך אַליין קאָנסטאַטירט „הערמאַנאַס״, וואָס זענען געקומען פון פוילן, לעט־לאַנד, ליטע, שוועדן, בעלגיע, דענעמאַרק, האָלאַנד און אַז. וו.

באַשיידן און שווייגזאַמע טוען זיי זייערע שליחות. אין די ווייניקע ווערטער, וואָס זיי רעדן אַרויס מערקט זיך דער טיפּישער אַקצענט פון זייער געבורטסלאַנד.

זייער טעגלעכע אַרבעט פאַנגט זיך אָן פיר אַזייגער פאַרטאָג מיטן גיין דאַווענען אין דער קאַפּיליע.

אין פאָרם פון אַ פּראָצעסיע לאָזן זיי זיך צום קלויסטערל און ווערן איינע נאָך דער אַנדערער ווי איינגעשלונגען אין דעם טירל.

באַלד שלאָגט פון דאָרטן אַרויס עפּעס אַ מאָדנער געמורמל, וואָס צעטראָגט זיך איבער אַלע אָפּטיילונגען פון שפּיטאָל, דאָס געדויערט ביז די נאַכט ווערט אנטרונען מיטן אָנקום פון באַגינען.

דאָן בלייבן זיי שטיין אַ ווײַלע אויף די קני און זאָגן אין דער שטיל פאַר זיך די פאָלגענדע תפילה מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט:

„פאָטער געטרייער אין הימל, איך גיי איצט דינען די אָרימע: איך וועל עס טון מיט פרייד און באַשיידן, איך וועל מיך פלייסן זיי צו טרייסטן און שטאַרקן, איך וועל זיי באַהאַנדלען גלייך ווי זיי זאָלן זיין מיינע הערן און באַלעבאַטים, אַ סך פון זיי, ווייס איך, האָבן אַ טבע צו

ווענדן זיך צו מיר מיט האַרטע רייד, שטאַרק מיך, גאָט אין הימל, אַז איך זאָל עס קאָנעןליידן מיט געדולד, אמן״. און לאָזן זיך באַלד יעדע איינע גיין צו איר באַשטימטער פּאַלאַטע.

***

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען די „הערמאַנא מאַרטאַ״ אין דעם אַלטן שפּיטאָל סאַן ראָקע, האָב איך געהאַט דעם געפיל ווי עס דערנענטערט זיך צו מיר עפּעס אַ באַלזאַמירטע מומיע, וואָס איז ערגעץ הונדערטער יאָרן אָפּגעליגן אין אַן אונטערערדישן לאַבערינט, וואָס איז אין אַ געוויסן טאָג אויפגעשטאַנען תחית המתים, זיך איינגעהילט אין אַ קאָרידאָר־אוניפאָרם צו דערשיינען אויף דער ליכטיקער וועלט צווישן קראַנקע.

איר איינגעפאַלן געל־פּאַרמעט פּנים האָט אַרויסגעקוקט פון אונטער דעם ווייסן באַפּליגלטן טשיפּעק און אַ וואָרף געטון אויף מיר נישט קיין ערדישן בליק מיט אירע האַלב טויטע אויגן. מיט אַ סך יאָרן צוריק, אין אַ געוויסן באַגינען, אַרויסגייענדיק פון דער קאַפּיליע, האָט זי זיך געווענדעט צו אַ יונגער שוועסטער:

— שוועסטער מאַריאַ, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטון — אין דער פופצנטער פּאַלאַטע ליגט שוין עטלעכע טעג אַ קראַנקער, וואָס וויל גאַר נישט עסן, איך ווייס נישט וואָס צו טון מיט אים, ער פאַרשטייט נישט קיין שפּאַניש, ער איז דיינער אַ לאַנדסמאַן, אפשר וואָלסטו זיך מיט אים אַן עצה געגעבן.

— פאַרוואָס נישט? שוועסטער, לאָמיר אים זען. און ביידע האָבן זיך געלאָזט גיין אַהין.

די פופצנטע פּאַלאַטע איז דאַן געווען אַ הויכער און אַ גרויסער זאַל פאַר אַלטע און קראַנקע היימלאָזע, וואָס פלעגן דאָרט פאַרענדיקן זייערע לעצטע טעג.

צוויי אָדער דריי דאָקטוירים, אויך זקנים, פלעגן זיך אַמאָל אין זיי דערמאָנען און זיך אַריינכאַפּן אַ בליק טון אויף יענע פֿאַרוואָגלטע, נעבעך, און צוהעלפן זיי מיט אַ קרעכץ.

אויסער זיי האָט קיינער פון די שפּיטאָל־דאָקטוירים נישט אַ שמעק געטון אַפילו אַהין; די לופט איז דאָרט שטענדיק געווען אָנגעפּולט מיט שימל, אַלטקייט, מיט גערוכן פון מענטשלעכן אָפּפאַל...

אַלטע, צעקנייטשטע פּנימער מיט אָפּגעראַזירטע גרויע קעפּ האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט פון די געלעגערס, כסדר האָט מען דאָרט בלויז געהערט הייזעריקע אויסגעשרייען, אַטאַקעס פון קייכהוסטן, אַ גאַנצע אומאנגענעמע סימפאָניע פון קרעכצן, עובר־בטלדיקע פּלוידערייען. מאַנכע זענען שוין געווען כסדר פאַרזונקען אין אַ מין הינערפּלעט, ענלעך צום טויט, אָבער די נשמה האָט זיך דאָך נאָך געהאַלטן אין זיי, האָט מען זיי געדאַרפט רייניקן, וואַשן און האָדעווען ווי פּיצלעך קינדער.

ווען איינער האָט זיך גענומען קלייבן אין דעם אייביקן וועג אַריין, אַ זאַך וואָס מאַנאָלאָ דער קאַבאָ האָט גלייך דערקאָנט, האָט ער דעם גוסס אַרומגעשטעלט מיט אַ שפּאַניער ווענטל און געלאָזט רופן דעם גלח.

— 5 —

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, מיט אַ סך יאָרן צוריק, האָט מען אַהין געבראַכט אַ זקן פון קאָלאָניע „מאוריציע״.

מען האָט אים אַוועקגעלייגט אויף אַ בעטל, וואָס איז געשטאַנען ליידיק אין אַ ווינקל פון דעם זאַל, און באַלד דאָס אַרומגעשטעלט מיט אַ שפּאַניער ווענטל, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין חולה מסוכן. עס איז געווען אַן אַלטער ייד מיט אַ בכבודיקן פּנים, וועמען דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל האָט געהייסן באַהאַנדלען מיט מער אָפּשיי און רעספּעקט. ער האָט דעם דאָזיקן זקן באַפוילן צו אָפּזונדערן פון די אַנדערע, ווי מען פלעגט עס טון מיט אַן „אָנגעזעענער״ פּערזענלעכקייט.

דער אַלטער, נחמיה, ווי מען האָט אים גערופן, האָט פון דאַן אָן באַקומען אַ נייע היים, אפשר די לעצטע.

די עטלעכע יידן, וואָס האָבן אים פון דער ענטרע־ריאָסער קאָלאָניע אַהער געבראַכט, האָבן ביי זיין צוקאָפּנס איבערגעלאָזט עטלעכע ספרים, זיי האָבן זיך מיט אים געזעגנט און אַוועק.

דער אַלטער נחמיה האָט באַלאַנגט צו יענע, אין וועלכע דער מוח איז דער ערשטער אָרגאַן, וואָס ווערט געטראָפן דורך דער אָנשיקעניש וואָס הייסט עלטער, כאָטש די יאָרן, אין בוכשטעבלעכן זין, האָבן נישט אזוי פיל וואָס צו טון.

דאָס געווענדט זיך צו מייסטן אין דעם צושטאַנד פון די אָדערן, וואָס קאָנען דורך פאַרשידענע סיבות, פריער אָדער שפּעטער, ווערן מער אָדער ווייניקער פאַרהאַרטעוועט אין מוח.

דאַן שאַפן זיך אין דעם מוח־געוועב קליינע סאזשעלקעלעך, צע־שטערטע פונקטן און פון דעם נעמען זיך אָט־אָ־די אַלע אומנאָרמאַלע פּסי־כישע סימנים וואָס כאַראַקטעריזירן די עלטער.

ביי דעם אַלטן נחמיה, ווי מען פלעגט אים רופן אין קאָלאָניע, איז דער אָנפאַל פון דער עלטער געקומען ווען ער איז נאָך אַפילו קיין זעכציק יאָר נישט אַלט געוואָרן.

שטענדיק אַן אַרבעטזאַמער און אַ שטילער, איז אין זיין איינזאַמען לעבן האָט עמיצער, אין אַ געוויסן טאָג, באַמערקט, אַז ער קומט נישט אַרויס אויף דער טשאַקרע שוין זייט אַ פּאָר וואָכן. דאַן האָט מען אָנגע־הויבן זיך אינטערעסירן וועגן אים און מען איז צו אים געקומען געווירע ווערן.

מען האָט אים געטראָפן אַן אַפּגעצערטן שטיין מיט דעם שטערן צוגעפּרעסט צו אַ שויב פון אַ פענצטער, און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן.

— וואָס איז מיט אייך, רב נחמיה? — האָט איינער פון די שכנים אַ פרעג געטון — וואָס ווייַנט איר?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט וויינען? איר זעט דען נישט וואָס די פּאַליאַקן האָבן פון מיר געמאַכט? אין ער הויבט אָן צו דערציילן די גע־שיכטע מיט דעם גלח, וואָס איז שוין פאַר אַלעמען געווען באַקאַנט, פּונקט ווי ערשט נעכטן זאָל דאָס געווען פּאַסירן, שילדערט ער דאָס מיט אַלע פּישטשעווקעס.

עס איז געווען אַ שלעכטער זומער, נישט געווען קיין פּאַשע; סקאָט איז געפאַלן ווי די פליגן. ער איז געווען דער איינציקער ייד, וואָס האָט

געלעבט צווישן פּאָליאַקן אין דאָרף אולאסי, אַ פינף־און־צוואנציק וויאָרסט פון טשערנאביל.

ביי דער משפּחה „פּשעשעדליענעץ" איז פון כמה וכמה דורות גע־ווען אַ מנהג אַז דער בכור האָט געמוזט בלייבן ביים פאַרמעגן אין דאָרף הולאסי צווישן די פּאָליאַקן. דאָס גוט איז באַשטאַנען אין אַ גרויסער דירה מיט אַ דאַך פון שינדלען, אַ ברייטע שטאַל פּאַר פערד און בהמות, אַ פעלד מיט פּאַשע, אַ גרויסער גאָרטן מיט בייטן פון אַלערליי ירקות און אַ געוועלב, ווו עס איז געווען מכל טוב, נישט נאָר פאַר די פוילישע פּויערים פון יענעם דאָרף, נאָר אַפילו פאַר די אַרומיקע דערפער, וואָס זענען געווען באַזעצט פון קאַצאַפּעס, דייטשן און פּאָליאַקן פון יענעם קיעווער גובערניע־ראַיאָן.

נחמיה האָט געמוזט אויסשטיין אַלערליי משוגעתן און קאַפּריזן פון זיינע גויאישע קונים.

מער פון אַלע זענען אים דערגאַנגען די יאָרן די פּאָליאַקן, וועל־כע האָבן פון אים געחוזקט.

— פּאַרוואָס מאָשקע (אַלע יידן זענען ביי זיי מאָשקעס) האָט מען דיך אַרויסגעטריבן פון פוילן? — האָבן זיי אים שטענדיק געהאַלטן אין איין פרעגן.

— וואָס פאַלט אייך עפּעס, פּראָשע פּאַניע, איין אַזאַ זאַך? — האָט ער אַ פרעג געטון דעם פּאָליאַק, וואָס האָט אים צום ערשטן מאָל גע־שטעלט אַזאַ קלאָץ־קשיה.

— וואָס הייסט, מאָשקע, נישט פאַר מעשים טובים האָט מען דיך געקרוינט מיט אַזאַ טשיקאַוון שיינעם נאָמען, ווי פּשעשעדליענעץ (אַרויסגעשיקטער). דו האָסט מן־הסתם נישט איין קריסט אָפּגענאַרט און דאָס בלוט געזויגן.

— עס איז נישט מער ווי אַ פאַמיליע־נאָמען אַזעלכער, פּאַן, אַ ייד נאָרט קיינעם נישט.

— פון וואַנען־זשע האָט זיך צו דיר גענומען אַזאַ פאַרמעגן, מאָש־קע, אַז נישט פון גנבה און גזילה?

— שקר, אַ געמיינעם בילבול מאַכט איר אויף אונדז יידן. אַלע

זענען מיר אַרבעטזאַם און שפּאָרזאַמע; מיר וואַלגערן זיך נישט ווי חזי־רים אין קאַלוזשעס, אין די שענקען, מיר פאַרלירן נישט קיין צייט אין יאָגן זיך ווי משוגענע נאָך ווילדע חיות און פייגל אין פעלד; מיר גיבן נישט אויס קיין פּרוטה צו זען בלוטיקע ספּעקטאַקלען צווישן מענטש און חיה, אָדער צווישן מענטש און מענטש.

אַזוי האָט נחמיה, באַקומענדיק מער קוראַזש, געגומען איינטענהן מיטן גוי — אַ ייד גנבעט נישט און גזלט נישט; ער האַלט נישט פון שפיכת דמים.

ביי די דאָזיקע רייד, וואָס ער פלעגט נישט איינמאָל האַלטן, פלעגט ער זיך אינגאַנצן פאַרלירן, זיין גוף האָט זיך געשאָקלט, די הענט האָבן זיך געוואָרפן אין דער לופטן, באָרד און פאות האָבן אויך אנטיילגע־נומען.

גויים זענען זיך צונויפגעלאָפן און פון אים חוזק געמאַכט, נאָכגע־קרומט זיינע גרימאַסן, אים געריסן פאַר דער באָרד און פאות. מאַנכעס מאָל פלעגן זיי ביי אים אַראָפּכאַפּן דאָס היטל, וואָס פלעגט איבערגיין פון האַנט צו האַנט. דאָס שמאָל דאַשעקל האָט גערייצט זייערע חיהשע אַפּעטיטן צו שפּעטן און צו קייכן פון געלעכטער, און פלעגן דאָס היטעלע באַשמעקן און אויסשפּייען, ביז עס פלעג זיך צוריק אומקערן צו אים.

דער סוף פון אַזאַ פאַרוויילונג איז געווען, אַז דער גוי, וואָס האָט עפּעס געקויפט, האָט זיך אַרויסגעדרייט אומבאַצאָלט, אָדער ער האָט אים צוגעוואָרפן, ווי אַ הונט אַ ביינדל, דאָס געלט, וואָס נחמיה האָט גע־מוזט צונויפקלייבן אויף דער ערד.

אַהיים פלעגט ער קומען שפּעט אין אָוונט מיט אַ ליידיק וועגעלע, די גאַנצע סחורה פאַרצוקערט. אַ פאַרהאָרעוועטער און אַ מידער פלעגט ער אַריינפאַלן אין שטוב. הנהלע, די ווייב זיינע, פלעגט אים באַגעגע־נען מיט אַ צעשטראַלט פּנים און אים אויסדערציילט דעם גאַנצן סדר היום, די אַלע חכמות פון דער קליינער מירעלע ביי דער פּוילישער דינסט־מיידל אויף די הענט, וואָס האָט פאַר אים געפּראַוועט אין יענעם מאָמענט חנדלעך. וואָס האָט אים געמאַכט באַלד פאַרגעסן די דערנידערונגען פון זיין ביטערער פּרנסה.

דער שלאָף פֿלעג אים באַפֿאַלן אין מיטן וועטשערע, אַז ער האָט קוים געקאָנט שעפּטשען מיטן צונג דאָס בענטשן. עפּעס פֿלעגט ער זיך אין מיטן דעריגען אַ כאַפּ־אויף־טון מיט גרויס כוונה זאָגן: ואל תצריכנו. ד׳ אלוהנו. לא לידי מתנת בשר ודם ולא לידי הלואתם, אַזוי אַרום פֿלעגט ער פֿאַרענדיקן זיין בענטשן און זיך אַ מאַכטלאָזער אַ וואָרף טון אין בעט.

אין יענעם יאָר האָט זיך דער זומער געצויגן דורך לאַנגע טעג פֿון ברענענדיקער זון, אַ שרעקלעכע טריקעניש האָט פֿאַרשפּרייט די אוקראַי־נער פֿעלדער. עס איז שוין געווען אין מיטן אלול, און פֿון אָנהויב תמוז האָט נישט גערעגנט, טאָג־טעגלעך איז דאָס סקאָט געפֿאַלן ווי די פֿליגן ביים אָנקומען פֿון די ערשטע פֿרעסט.

חנהלע איז געווען אויף דער צייט מיטן צווייטן קינד.

נחמיה האָט די לעצטע הונדערטער אַריינגעלייגט אין אַ הויזנטאַש, אים אָנגעטון אויף דעם רעכטן אַקסל, זיך געזעגנט מיט זיין ווייב און קינד און זיך געלאָזט אין וועג קיין טשערנאָביל, נעמען דאָרט דעם פֿאַ־ראַכאָד קיין קיעוו, איינקויפֿן סחורה.

פֿון פֿריער איז געווען צווישן מאַן און ווייב אָפּגערעדט, אַז ער וועט זיך אומקערן אַהיים ערשט אויף מאָרגן נאָך יום־כּיפּור.

— 6 —

נחמיה האָט די לעצטע הונדערטער אַריינגעלייגט אין אַ רייזנטאַש, געגער לאַנגזאַם געצויגן איבער אַ שמאָלן שליאַך ביים ברעג פֿון דניע־פּער. דער באַגינען איז געווען אַ קילער, פֿון די פֿערדישע נאָזלעכער האָבן געשלאָגן גרויסע קנוילן פּאַרע צו ביידע זייטן פֿון וועג, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן מיט דעם געדיכטן טומאַן, וואָס האָט זיך שווער גע־לייגט אויף דעם פֿעלד און טייך. פֿון צייט צו צייט האָט אויף דעם דניע־פּער אַ רעווע געטון דער פּאַראַכאָד, וואָס האָט זיך אין יענעם פֿאַרנעפּל־טן באַגינען געשלעפּט קיין טשערנאָביל.

אין דער שפּיץ פֿון דער קאַראַוואַנע איז געפֿאָרן אויף אַ הויכער בריטשקע דער קאַטוילישער קשאָנדז קאַזאריינסקי. זיין שוואַרצע פּעט־

לייביקע פיגור האָט זיך ווי אַ מאָדנער שאָטן געוואַקלט אויף זיין קעלניע.

פון יעדן וועג, וואָס האָט געפירט צו יענעם שליאַך, זענען צוגע־קומען נייע וועגענער.

די רייזנדע זענען באַשטאַנען פון סוחרים, בעלי־עגלות מיט פּאַסאַ־זשירן צום פאַראַכאַד און סתם מענטשן, וואָס ליידן פון „דראָמאָמאַניע", דאָס משוגעת וואָס פירט זיי אַרום אָן אַ פּאַרוואָס איבער וועגן און שטעגן.

אַ סקריפּען פון וועגענער, אַ הירזשען פון פערד, אַ ליאַרם פון באַ־ריידעוודיקע פאַרשוינען, האָט זיך געטראָגן הינטער דעם שוואַרצן שאָטן פון דעם קאַטוילישן גלח, דער איינציקער וואָס איז געזעסן מיט ביידע הענט פאַרנומען מיט די לייצעס פאַרטיפט, אַ שווייגנדער אין ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שוואַרצע מחשבות.

— שווער צו זיין אַ קאַטוילישער גאָט־דינער, האָט ער אין יענעם מאָמענט געטראַכט, ביי די צעוואָרפענע פאָליאַקן, וואָס וווינען דאָ צע־זייט און צעשפּרייט צווישן רוסישע פּראַוואָסלאַווע כאמעס, וואָס באַלע־באַטעווען איבער זיי. ווי קאָן מען דאָס אויסהאַלטן דעם אָרימען קאַש־טשיאָל פון לויטער נדבות. וואָס יעדער קאָפּיקע איז אַ ריס פון אַ פּוי־לישן האַרץ — אַך, ווען דער דערלייזער שיקט אים עפּעס צו אויף דעם וועג אַ פאַרוואַלגערטן אוצר!

זיצנדיק אַזוי פאַרטראַכט, האָט ער גאָר נישט באַמערקט ווי אַ ניי־אָנגעקומענער וואָגן האָט זיך אַריינגעשניטן אין דעם שליאַך, פאָראויס.

— עס מוז זיין אַ זשיד, האָט ער זיך געטראַכט — וואָס פאָרט פאַר אים. אַזאַ חוצפּה צו גיין פאָראויס, דאָס קאָן נאָר אַ ייד.

ער האָט אין דער שטיל געשאָלטן און פּראָטעסטירט.

דערווייל איז דער נעפּל ביסלעכווייז זיך צעגאַנגען.

פּלוצלינג האָט פאַר דעם גלחס אויגן אַ בלענד געטון אַ רייזנטאַש ביים רעכטן זייט פון שליאַך.

אויטאָמאַטיש און האַסטיק האָט ער אָפּגעשטעלט די בריטשקע. פון דעם פּלוצימדיקן אָפּשטעל, אויף וועלכן די הינטערשטע אָנטרייבערס האָבן זיך נישט געריכט, זענען די פערד און וועגענער געקראָכן אייבער

אויף דמע צווייטן און עס איז אַנטשטאַנען אַ בהלה. אַלע האָבן גענומען קוקן פאַראויס וואָס אַזוינס עס האָט געקאָנט פּאַסירן.

אין דעם האַלב־צעקראָכענעם טומאַן האָט מען דערזען ווי עפּעס אַ מאָדנע שוואַרצע פאָרם האָט אַ פלאַטער געטון און איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד ביי דער רעכטער זייט. באַלד האָט זיך דאָס אויפגעהויבן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן אין דעם נעפּל.

— 7 —

פון גאַנץ באַגינען האָט זיך גענומען רעשןביים טשערנאָבילער טייך־סטאַנציע.

פול־געפּאַקטע לאַסט־וועגענער מיט געהילץ, מיט זעק מעל, תבואה און אַלערליי סחורות האָבן געוואַרט אויף דעם פאַראכאָד, וואָס האָט זיך צוליב דעם טומאַן פאַרשפּעטיקט.

אָן אַ שיעור קאצאפּעס מיט צעהיצטע פאַרשיכורטע פּנימער האָבן זיך געהאַמפּערט אַרום די וועגענער.

אין אַ זייט איז געשטאַנען אַ היפּשע צאָל יידן, דאָס רוב פון זיי זענען געווען אָנגעזעענע בעלי־בתים, געקליידעטע אין אַטלאַסענע קאַפּאָ־טעס, יום־טובדיק, האָבן זיי אויסגעזען, כאָטש דער פרימאָרגן איז געווען אַ וואָכעדיקער.

דאָס זענען זיי געקומען מקבל פּנים זיין אויף דעם פאַראכאָד דעם באַקאַנטן קיעווער נגיד און בעל־צדקה גינזבערג, דער אייגנטימער פון דניעפּר־פּאַרקער.

אַלע פאַראכאָדן, בארלינעס און שווימבריקן, וואָס האָבן זיך באַ־וועגט אויף דעם דניעפּר, האָבן באַלאַנגט צו אים.

גינזבערג האָט אין יענער צייט געשפּילט אויף דעם דניעפּר די זעל־בע ראָל ווי מיהאַנאָוויטש דאָ אויפן לאַ־פּלאַטאַ טייך, אורוגוויי, פּאַראַ־נאַ און פּאַראַגוויי.

זעלטן ווען פלעגט זיך גינזבערג לאָזן אויף דעם דניעפּר צו אינספּעק־ציאָנירן פערזענלעך דעם פּאַרקער.

אין יענעם האַרבסט־פרימאָרגן האָט ער זיך געפונען אונטערוועגנס אויף דעם פאַראַכאָד, וואָס האָט זיך אַ פאַרשפעטיקטער דערנענטערט צו טשרענאָביל.

אַ קאָמיסיע פון אַלע יידישע טשערנאָבילער אַנשטאַלטן האָט אויף אים געוואַרט מיט ביטעס פאַר מאַטעריעלער שטיצע.

אין דער זעלבער צייט וואָס די אַרבעט פון אָנלאָדן און איינשטייגן איז צוגעגאַנגען אין פולן ברען, האָט גינזבערג אויפגענומען די קאָמיסיע. פּלוצלינג האָט אַ פאַרצווייפלטע שטימע זיך אַריינגעריסן אין דער קאַ־בינע, וווּ גינזבערג האָט זיך אין יענעם מאָמענט געפונען.

— יידן ראַטעוועט, איך בין פאַרלוירן — האָט דאָס האַרצרייסנדע יידישע קול געשריגן — מיין לעצט חיות האָב איך פאַרלוירן. די פּראַצע פון מיין גאַנץ פאַרוואָגלט לעבן.

— וואָס איז נחמיה, האָבן ביי אים נאָר וואָס אָנגעקומענע פּאַסאַ־זשירן אַ פרעג געטון.

— איך האָב נאָר וואָס פאַרלוירן מיין רייזנטאַש מיט די זעקס הונדערט רובל, וועקסלען און קבלות, אַ כלל מיין גאַנץ פאַרמעגן. וואָס זאָל איך איצט טון?

אַ פאַרחלשטער איז נחמיה אומגעפאַלן אויף דער ערד.

— באַרואיקט זיך — האָט מען אים גענומען מונטערן — אַ גרויס רעדל יידן און קאַצאַפּעס האָט אַרומגערינגלט דעם אומגליקלעכן נחמיה.

— שאַט, מענטשן, האָט די הייזעריקע שטימע פון זיידל שינדלשלע־גער זיך געלאָזט הערן: איך בין זיכער, אַז דער קשאָנדז, וואָס איז געפאָרן פאַר אונדז האָט אויפגעהויבן אייער רייזנטאַש. איך וואָלט שווערן. איך האָב קיין טעות נישט.

אין יענעם מאָמענט איז דער גלח אַרויף אויף דעם פאַראַכאָד.

אַ פאַרכאַפּטער פון דעם שטראָל האָפענונג, האָט זיך נחמיה אויפ־געהויבן פון זיין אָרט און נאָך אים דאָס גאַנצע רעדל מענטשן. מען האָט אַרומגערינגלט דעם גלח.

גלייך ווי נישט אים מיינט מען, האָט זיך דער גלח געוואָלט מאַכן אַ וועג, אָבער נחמיה איז צוגעפאַלן צו אים מיט טרערן און תחנונים גע־נומען רעדן:

— טאַטעלע, האָב רחמנות, דו האָסט אויפגעהויבן מיין רייזע־טאַש. ס׳איז מיין לעצטער ביסן פון מויל.

— וואָס פעלט דיר איין אַזאַ זאַך? „מאָשקע“, — האָט דעם גלחס פנים אַ שמייכל געטון.

— איך אַליין האָב געזען — איז אונטערגעקומען זיידל.

עס איז געוואָרן אַ שטאַרקער טומל. די קאַצאַפּעס האָבן גענומען פרעגן וואָס די יידן ווילן פון דעם גלח.

אין דער מיט געדרודער האָט זיך אויסגעטיילט דאָס נגידישע גע־שטאַלט פון גינזבערגן, וועלכער איז גלייך צוגעקומען צום קאַטוילישן גייסטלעכן:

— פאָטער, — האָט גינזבערג גענומען רעדן, — האָב מיטלייד. זיי זיך מודה.

איצט איז דעם גלחס ראַזירט פנים שטיין און ערנסט געוואָרן. ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון זיין בוזים אַ גרויסן צלם און האָט אַ קוש גע־טון, זאָגנדיק:

— איך שווער, אַז — — — —

— שווער נישט, טאַטעלע, — האָט אים גינזבערג איבערגעשלאָגן, — ס׳איז אַ זינד פאַר גאָט און לייטן.

— באַזוכן דאַרף מען אים, — האָט איינער אַ קאַצאַפּ אויסגע־שריגן. — אויב ס׳איז אַ געמיינער ליגן, איז דאָס אַ זשידאָוווסקע אָנ־פאַל אויף אַ הייליקן, גייען מיר באַלד מאַכן אַ פּאָגראָם אויף די טשער־נאָבילער זשידעס.

אַ ציטער איז איבערגעלאָפן איבער דעם גאַנצן המון. דעם גלחס מינע האָט זיך געביטן, אַ טויטע בלאַסקייט און אַן אַנגסט־שווייס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פוילישן פנים.

אַ ווײַלע האָבן זיך דעם גלחס און גינזבערגס אויגן שטום אָנגע־קוקט.

נישט וואַרטנדיק לאַנג, האָבן אַ פּאָר קאַצאַפּסקע הענט אַראָפּגע־ריסן ביים גלח דעם שוואַרצן קיטל און עס האָט אויף דעם דעק אַ פּראַל־געטון דער רייזע־טאַש.

פון אַלעמענס מיילער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי אָן ווערטער.

נחמיה האָט זיך אַ וואָרף געטון צום טייסטער, ער האָט אים פאַר אַלעמען אין די אויגן אויפגעעפנט. דאָס געלט, די וועקסלען און די קבלות האָבן עדות געזאָגט, אַז דאָס אַלעס געהערט צו אים.

— פע, שעמען מעג ער זיך, אַ פּראַוואָסלאַוונער באַטיושקאַ וואָלט אַזוינס נישט געטון, — האָבן די קאַצאַפּעס ווי אָפּגעשמיסענע גענומען מורמלען.

אַ פאַרשעמטער מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט דער גלח אָנגענומען גינזבערגס האַנט, וועלכער האָט זיך באַמיט צו פאַרגיטיקן דעם אומאָנגענעמען אינצידענט.

און דער פּאַראָכאָד האָט גערירט.

— 8 —

די דאָזיקע געשיכטע פלעגט נחמיה איבערדערציילן פאַר זיינע ענטרע־ריאָסער קאָלאָניסטן.

ערשטנס איז דאָס געווען די איינציקע טעטע זיינע, וואָס ער פלעגט נישט אָפּלאָזן פון זינען, גלייך ווי אַלע זיינע פריערדיקע און שפּעטערדיקע דערפאַרונגען וואָלטן געווען אָפּגעמעקט געוואָרן פון זיין זכרון. טאָג און נאַכט האָט ער גערעדט פון דעם. מאַנכעס מאָל האָט זיך געדאַכט, אַז ער לעבט דאָס איצט איבער. ער פלעגט זיך פּלוצלינג צעוויינען און דערציילן ווייטער.

— מוצאי יום־כיפור, גאַנץ שפּעט ביינאַכט, ווען איך בין צוגעקומען צום דאָרף, האָב איך מיך אָנגעשטויסן אויף אַ חורבן, אויף דעם באַרג אַש, וואָס איז געבליבן פון מיין דירה, האָבן זיך נאָך געטליעט אונטער דער לבנה די ביינער פון מיין אומגליקלעכער פרוי און קינד...

די פּאָליאַקן האָבן זיך אין מיר נוקם געווען.

איצט שטיי איך דאָ ביים פענצטער גאַנצע טעג, — האָט ער זיך געווענדעט צו די קאָלאָניסטן, וואָס זענען צו אים אין יענעם פרימאָרגן געקומען געוויר ווערן, — און זע דעם חורבן, דעם באַרג אַש, די טליענדע ביינער פון מיינע טייערע.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערנדיקער שטימע און האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ קליין קינד.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען אים אַריינגעגעבן אין דער 15־טער פּאַלאַטע פון שפּיטאָל סאַן ראָקע, ווייל אין דער קאָלאָניע האָט ער קיין קרוב נישט געהאַט.

דורך דעם פענצטער קעגנאיבער זיין בעטל האָט די נאַר־וואָס אויפ־געגאַנגענע זון אַריינגעשיינט און באַלויכטן זיין אָפּגעצערט פּנים, אויף וועלכן ס׳איז קיין שלאָף נישט געקומען זייט מען האָט אים אינטערנירט.

אָנגעטון אין דעם שפּיטאָל־וועש, האָט ער זיך פון יענעם ווינקל קיין ריר נישט געטון, גלייך ווי אַלע זיינע אברים זאָלן ביי אים זיין אָפּגענומען.

דאָס ווייסע מיצל אויף זיין קאָפּ, די גרויע באָרד און פּיאות האָבן צוגעגעבן זיין אַלטן געשטאַלט עפּעס אַ מין בר־מינן־אויסזען, וואָס מען האָט נאַר־וואָס איינגעהילט אין תכריכים.

ער האָט געהאַלטן, אין יענעם מאָמענט, זיינע איינגעשרומפּענע אויגן אַראָפּגעלאָזט צום ספר, וואָס זיינע אויסגעדאַרטע פינגער האָבן געגראַבלט.

שטיל האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט די קאַפּיטלעך תהילים הינ־טער דעם שפּאַנישן ווענטל, וואָס האָט אים אָפּגעטיילט פון די אַרומיקע קראַנקע.

פלוצלינג האָט זיך אַ שאָטן פאַרצויגן אויף דעם ספרל, וואָס האָט אים נישט געלאָזט זען די פאַרגעלטע אותיות.

דאַן האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן און האָט פאַר זיך דערזען שטיין צוויי פיגורן פון באַרמהאַרציקע שוועסטער.

— דאָס איז ער, — האָט די „הערמאַנאַ מאַרטאַ״ אַ זאָג געטון צו דער הערמאַנאַ מאַריאַ, — ער האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ פּאָליאַק.

— גוט — האָט די יונגסטע שוועסטער געזאָגט, נישט אַרויסנע־מענדיק אירע הענט פון אירע ברייטער אַרבל — לאָזט מיך, שוועסטער מאַרטאַ, אַליין מיט אים.

אַ היפּשע ווײַלע האָבן זיך קעגנזײַטיק, דער קראַנקער און די שוועס־טער מאַריאַ, אָן לשון אָנגעקוקט.

— אַך! יעזוס מאַריאַ! — האָט זיך ביי דער שוועסטער אַרויסגע־כאַפּט — ווו האָב איך אַזאַ אײַדעלן געשטאַלט ערגעץ געזען?

מיט לאַנגזאַמע טריט איז זי צוגעגאַנגען צו דער רעכטער זײַט פון זײַן צוקאָפּנס, ער האָט איר נאָכגעקוקט מיט זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן.

— יאָ, איך האָב אים אַמאָל געזען, — האָבן אירע ליפּן געשעפּ־טשעט. — ווו, ווען? אין חלום אָדער אויף דער וואָר?

יאָרן לאַנג גייט זי נישט אַרויס פון צווישן די ווענט פון שפּיטאָל, די ברייטע וועלט איז איר כמעט ווי אומבאַקאַנט, פריער אין פוילן, צווי־שן מאָנאַשקעס וואָס האָבן איר דערצויגן, נאָכהער אַ רייזע אין אַ פאַר־מאַכטן וואָגן צו אַ וואָקזאַל, דאַן טעג פון פאָרן אין אַ טונקעלן וואַגאָן, און ווידער ערגעץ אין אַ פאַרשלאָסענעם קרייז צווישן פראַנצויזישע גייסטלעכע, ביז זי איז ראוי געוואָרן צו אָנטון די קליידער פון סאַן ווי־סענטע דע פּאָולס טעכטער.

מען גיט איר איבער אין רשות פון דער הערמאַנאַ מאַרטאַ וואָס ברענגט זי קיין בוענאָס־איירעס אין שפּיטאָל סאַן ראָקע.

טראַכטנדיק אַזוי, האָט זי אירע אויגן נישט אָפּגעריסן פון דעם אַלטן וואָס איז געזעסן אויף דעם בעטל און האָט איצט אַרײַנגעקוקט אין עפּעס אַן אַלטן ספר.

— גאָט, — האָט זי ווידער געשטאַמלט, — אויך די בוכשטאַבן זענען מיר קענטלעך...

ענדלעך האָט זי זיך געווענדעט צום קראַנקן:

— וויפל טעג איז אַז איר געפינט זיך אין דער פּאַלאַטע?

איבעראַשט פון אַזאַ אומגעריכטער באַקאַנטער שפּראַך, וואָס ער האָט שוין אַזוי פיל יאָרן נישט געהערט און אַזוי פאַרהאַסט, האָט ער זיך אַ צאַפּל געטון, און מיט אויפגעריסענע בליקן גענומען באַטראַכטן די שוועסטער. איר פּנים אונטער די ווייסע קראָכמאַלעטע פליגלען פון איר טשופּעק באַלויכטן פון פרימאָרגנדיקע זון־שטראַלן האָט אויסגעדריקט הימלשע באַרמהאַרציקייט.

— איך גערענק נישט, — האָט ער געענטפערט אויף פויליש.

— ווילט איר עפּעס עסן, — האָט זי שמייכלענדיק אָ פרעג געטון.

— ניין, פריער וועל איך מיך וואַשן.

זי איז אַוועק אין באָד־צימער און האָט זיך באַלד אומגעקערט מיט אַ קוואָרט וואַסער, אַ האַנטוך און אַ שיסל.

— איצט, שוועסטער, דערלאַנג מיר דאָס זעקל וואָס ליגט דאָרט.

— ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ בענקל וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל.

ער האָט פון דאָרט אַרויסגענומען דאָס תפילין־זעקל און נאָכדעם דעם טלית.

זי האָט אויפגעציטערט ווען זי האָט אים דערזען אָנגעטון אין טלית און תפילין. עס האָט עפּעס אַ ענלעך געשטאַלט, אַ בלענד געטון אין איר דמיון.

נישט וועלנדיק מפסיק זיין, האָט ער אַ מאַך געטון מיט אַ האַנט, ווי איינער זאָגט, אַז אויב זי וויל קאָן זי גיין.

מיט לאַנגזאַמע טריט האָט זי פון הינטער דעם שפּאַניש־ווענטל זיך אַרויסגעשלייכט, און אַ טיף פאַרטראַכטע האָט זי גענומען אויסטיילן דעם אָנבייסן. דער קאַבאָ און אַ פּאָר קראַנקן־וועכטער זענען געווען פאַרנומען אין יענעם מאָמענט אין ריניקן יענע אינטערנירטע זקנים וואָס האָבן זיך דורך דער נאַכט איינגעריכט...

פון צייט צו צייט האָט די שוועסטער מאַריאַ אַ בליק געטון צו יענעם ווינקל. דורך אַ שפּאַרונע פון ווענטל האָט זי געקאָנט זען ווי נחמיה זיצט און דאַוונט.

ווען נישט ווען האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט אויף אַ העכערן קול, עפּעס אַ תפילה אָדער אַ ברכה וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער פּאַלאַטע.

— אַזוי לאַנג געדויערט דאָס דאַוונען? — האָט זי אומגעדולדיק אַ פרעג געטון ווען עס איז אַריבער אַ שעה צייט.

כאָטש דאָס דאַוונען האָט ער שוין לאַנג געענדיקט, איז ער איצט, ווי אַמאָל אין דער היים געזעסן בלויז אין טלית און האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספרל.

דערהערנדיק דער' שוועסטערס קול האָט ער זיך ווי פון אַ שלאָף אַ כאַפּ אויף געטון.

מיט פאַרזשמורעטע אויגן האָט ער זיך גענומען איינקוקן אין איר פונקט ווי איינער וואָס וויל דערקענען אַ לאַנג נישט געזעענעם פּערזאָן. זיינע ליפּן האָבן איצט געשעפּטשעט אַזוינס וואָס די שוועסטער האָט נישט פאַרשטאַנען, דאָס האָט ער גערעדט צו זיך אַליין:

— פאַרוואָס איז חנהלע עפּעס היינט געקומען אַזוי מאָדנע אָנגע־טון? אַנדערש ווי אַלע מאָל.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט זי אים ווידער אַ פרעג געטון.

— אָה, דאָס ביסטו גאָר, שוועסטער? — האָט ער מיט ביטול אַ מאַך געטון.

— ווער־זשע דען האָט איר געמיינט?

— מיין ווייב חנהלע קומט אָפּטמאָל צו מיר, — האָט ער ווי פון פיבער גערעדט — ווען איך האָב דיך היינט אינדערפרי דערזען, האָט זיך מיר געדאַכט אַז דאָס איז זי וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ נאָ־נע. דו ביסט אַזוי געראָטן אין איר, און דיין קול קלינגט אויך אַזוי זיס און אנגענעם ווי אירס.

די שוועסטער האָט אויפגענומען דעם דאָזיקן קאָמפּלימענט מיט אַ שמייכל און האָט ווייטער גערעדט:

— אַזאַ יונגע ווי איך איז אייער פרוי?

— יאָ. — האָט ער ווייטער גערעדט, — אַזוי יונג איז זי געווען ווען דיינע לייט האָבן זי פאַרברענט, צוזאַמען מיט מיין פינף־יאָריק טעכטערל ווען איך בין אין דער היים נישט געווען.

— אָה! הייליקע מאַמע! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן. און האָט זיך איבערגעצלמט.

— יאָ, — האָט ער ווייטער גערעדט, — דו ביסט אפשר אַ גוטע, אָבער דאָרט, דיינע פּאָליאַקן האָבן נישט קיין גאָט אין האַרצן.

זי האָט אים אַ שווייגנדיקע דערלאַנגט דעם אָנבייסן, טיי מיט ברויט מיט פּוטער און איז שטילערהייט אַוועק פון אים.

— 9 —

יענעם טאָג איז זי אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע. זי האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם אַלטנס געשטאַלט וואָס איז איר דעם גאַנצן טאָג געשטאַנען פאַר די אויגן ווו זי האָט זיך געקערט און געווענדט.

אין אָוונט ווען אַלע שוועסטער זענען אַנטשלאָפן געוואָרן אין דעם גרויסן שלאָף־זאַל האָבן זיך אירע אויגן נישט געקאָנט צומאַכן. פון צייט צו צייט האָט זי זיך אויפגעזעצט, און האָט פאַרלוירן געקוקט אויף די צוויי רייען בעטלעך.

ביי דער שוואַכער שיין פון די נר־תמידס אַנטקעגן די הייליקע ביל־דער, האָבן אויף די צוקאָפּנס די אָפּגעגאָלטע קעפּ פון די נאָנעס אויס־געזען ווי מענטשלעכע נאַקעטע שאַרבנס.

אַ לייכטער ציטער איז איר איבערגעגאַנגען אין איר רוקנביין.

— ווער בין איך? האָט דער אַלטער מיך געפרעגט, האָט זי איצט געטראַכט, אַט־אָ דעם רעטעניש האָט זי קיינמאָל נישט געקאָנט לייזן.

פון זינט זי איז צום שכל געקומען, האָט זי געלעבט צווישן פרעמדע.

דעם אַלטנס געשטאַלט האָט ווידער אַ שוועב געטון פאַר אירע אויגן.

זי האָט זיך אין אים איינגעקוקט און האָט באַמערקט ווי אַט־אָ דאָס אַלטע פּנים ווערט פון מינוט צו מינוט מער באַלעבט, די גרויע באָרד ווערט וואָס אַמאָל טונקעלער, ווי ער זאָל ווערן מיט אַ צוואַנציק יאָר יונגער, נעבן אים דערזעט זי אַ פרויען־געשטאַלט.

דוכט זיך אַז דאָס איז זי אַליין, אָנגעטון ווי אַלע פרויען, נישט ווי אַ נאָנע.

דער אַלטער וואָס זעט איצט אויס ווי אַ מענטש אין די פּערציקער, געזעגנט זיך מיט דער פרוי, ער גייט נאָכהער צו צום וויגעלע ווו עס ליגט אַ קינד איבער וועלכן ער בייגט זיך איבער און גיט אַ קוש; און גייט אַוועק. מער זעט זי נישט, עס ווערט פינצטער. עס נעמט קיין סך צייט נישט און זי אַליין דערפילט זיך אַזוי קליין און ליגט אין יענעם וויגעלע.

פלוצלינג קלאַמערן זיך אין איר איין אַ פּאָר פעסטע הענט, און אין דער זעלבער צייט דערזעט זי אין פענצטער פייערדיקע צונגען.

זי דערהערט אַ געשריי פון דער מאַמען וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט, אָבער די פעסטע הענט טראָגן איר אַוועק.

זי צעוויינט זיך, און רייסט זיך מיט אַלע אירע לעצטע כוחות און וואַרפט זיך אין אַלע זייטן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס איז דיר, שוועסטער מאַריאַ? — האָט זי פון שלאָף דער־הערט און האָט זיך אויפגעכאַפּט.

אַרום איר בעט אין דעם שלאָף־זאַל זענען געשטאַנען אין שלאָף־רעק די נאָנעס און האָבן זי געוועקט.

אַ צעשראָקענע, אונטער דעם קאָשמאַר־איינדרוק, האָט זי אַ לאַנגע ווײַלע אויף זיי שווייגנדיק געקוקט, ביז דער פולער באַוווסטזיין האָט זיך צו איר אומגעקערט.

— גאָרנישט, ס׳איז גאָרנישט שוועסטער, — האָט זי מיט אַ גע־מאַכטן שמייכל אַ זאָג געטון, — בלויז אַ חלום אַזעלכער.

— 10 —

אין יענער נאַכט האָט זיך נחמיהס צושטאַנד שטאַרק פאַרערגערט, אויך זיינע האַרץ־אָדערן האָבן רעוואָלטירט. געפערלעכע קראַמפּן האָבן אים אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט פון שלאָף.

אויף זיינע פאַרצווייפלטע קרעכצן האָבן זיך בלויז אָפּגערופן דאָס זיפצן און עובר־בטלדיקע שעפּטשען פון זיין איטאַליענישן שכן.

דער ביינאַכטיקער קראַנקן־וועכטער האָט זיך געשמאַק געדרעמלט אין אַ זייטיקן צימערל, ווו ער איז די גאַנצע נאַכט געזעסן פאַררוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַרום פיר אַזייגער ביינאַכט האָט נחמיה דערהערט אַ באַקאַנטע שטימע.

— וואָס איז מיט אייך?

— שלעכט חנהלע, — האָט ער גערעדט מיט האַלב פּוילישע אָפּ־געהאַקטע ווערטער.

די שוועסטער מאַריאַ האָט געמאַכט ליכטיק און איז צוגעגאַנגען נעענטער צו אים.

ער איז איבער דער נאַכט שטאַרק פאַרענדערט געוואָרן און געהאַלטן אין איין רעדן פון היץ.

דער קאָשמאַר וואָס זי האָט נאָר־וואָס איבערגעלעבט האָט אויפגע־מישט אין איר זכרון דאָס בלעטל זכרונות וואָס איז אײַנגעקריצט גע־וואָרן אין אירע קינדערשע יאָרן. אַלע זאַכן וואָס האָבן באַלאַנגט צום אַלטן און ער אַליין, זענען איר געווען אַזוי קענטלעך.

בײַ אַ קינד פון אַ יאָר פינף ווי זי איז אַלט געווען האָט די צײַט ביז אַהער נישט אינגאַנצן געקאָנט אָפּמעקן פון זינען יענע בײַנאַכטיקע איבערלעבעניש ווען מען האָט זי אַוועקגעריבט פון איר היים אין פלאַמען.

זי האָט שוין איצט נישט געצווייפלט אַז דער אַלטער ייד איז איר פאָטער...

אַ דערשראָקענע פאַר דעם געדאַנק אָבער באַהערשט פון אַ שטאַרקן בײַגיר־געפיל האָט זי זיך איבערגעבויגן און האָט אים גאַנץ נאָענט גלײַך אין פּנים געקוקט.

— פאָטער! האָט זי איבערצייגנד און גערירט שטיל אַרויסגע־אָטעמט — שטאַרק זיך, דײַן טאָכטער לעבט און איז נעבן דיר.

מיט אויפגעריסענע אויגן האָט ער איר אַ ווײַלע אָנגעקוקט און האָט זיך אָנגעשטרענגט צו אויפזעצן זיך, אָבער ער איז באַלד אַ מאַכטלאָזער אַנידערגעפאַלן אויף דעם צעקאָפּנס.

אין יענעם מאָמענט האָבן די נאָנעס זיך אַרומגעזען אַז די שוועס־טער מאַריאַ פעלט דאָרט אין דער קאַפּיליע.

עס איז שוין געווען נאָך דעם דאַוונען. ווען זיי זענען אַרויס פון דער קאַפּיליע האָבן זיי דערזען אַז אין דער פופצנטער פּאַלאַטע איז ליכטיק, אַהין האָבן זיי זיך אַלע געלאָזט גיין.

דאָרט הינטערן שפּאַניש־ווענטל האָבן זיי געטראָפן די שוועסטער

מאַריאַ, פאַרמאַכנדיק דעם אַלטנס מויל און אויגן, וואָס דער טויט לאָזט צומיינסטנס איבער אָפן.

קיינער פון זיי האָט נישט באַמערקט די טראָפּנס טרערן וואָס האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פון אירע אויגן.

אַלע האָבן באַשטעטיקט אַז די שוועסטער מאַריאַ איז אַ ווירדיקע און געטרייע טאָכטער פון סאַן ווינסענטע דע פּאול.

